№ 18. צווייטער יאהרגאנג

# יודישע פאלקס־צייטונג

29 April 1903. פערלאג „פאלקס־בילדונג" ווארשא. ב׳ אייר תרס"ג.

אינהאלט: פאליטישע ענינים. — נייעס פון דער וואך: I וועלט נייעס; II יודישע נייעס; וועגען דער קאלאניאל־באנק. — דער פראצעס וועגען דרייפוס. — א צערוואָרפענער מזבח; יהודה שטיינבערג. — די מלכה שבת (שיר); ש. רערנער. — דאס לעבען זיך נעמען; ש. בעלענקי. — חרבן ביתר; שלמה בערמאן. — א בריף אין דער רעדאקציע; א לעזער. — ערקלערונג; בני ציון.

יודישע פראווינצוועלט: I אלגעמיינע נייעס; II יודישע נייעס. — א קאכשולע אין ניו־יארק; ל—ר. — מודעות.

פעליעטאן: פוטער; דוד פרישמאנן.

# ד"ר י. אלאפין 12—8
**ווארשא, טלאמאצקי 1.**

בעהאנדעלט הויט-, ווענערישע קראנק-הייטען אונ מענערשוואכע, נעמט אהן ביז 10 אוהר פריה אונ פון 5 ביז 7 נאכמיטאג, פרויען פון 4 ביז 5 נאכמיטאג.

---

# י. שעקמאן, ווארשא.
**פאבריק פון זילבער 84 פראבע עט פלאטעע-וואארען.** (128) 50 16




---

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями можетъ каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.

Адресъ: **Я. Найдичъ, Варшава.**

---

עס איז איצט נייע ערשיענען

# „פרצ'ס בלעטליך"

**א זאמלונג פיר ליטעראטור, געזעלשאפט אונ עקאנאמיע.**

ענטהאלט ערצעהלונגען, געדיכטע, פעליעטאנען, קריטיק, וויצען, אפאריזמען, אונ פאפולערע וויססענשאפליכע ארטיקלען מיט אבבילדונגען פון פערשיעדענע בעריהמטע שרייבער. דער זשורנאל ענטהאלט 580 זייטען אין צוויי בענדער, פיין געדרוקט. פרייז פאר ביידע בענדער

**בלויז 1 רובעל מיט פארטא.**

צו בעקומען אין בוכהאנדלונג

**Я. Лидскій Варшава, Налевки 38.**

קאטאלאג פון פערשיעדענע זשארגאנישע ביכער, נאטען פיר פידעל אונ פיאנא אונ פון בילדער ווערד נאך פערלאנג פריי געשיקט.

3—3 19ה

---

Зеркальный фабрикантъ
ЮДКА ВЕЙНБЛАТЪ,
Варшава, Слизская 22.

עמפפעהלט אללע סארטען פערטיגע שפיגעל, אויך אללע צודאטין פיר שפיגעל פאבריקאנטען, צו גראססע אונד קליינע פאבריקאציאן. די בעסטע עצות אין די פאבריקאציאנסגעשעפט אנגעלעגענהייט. ביליגסטע פרייזען.

(104) 25—12

---

# אומזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען אונ נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

---

# בוכהאנדלונג
פון
# מרדכי קאצענעלענבאגען אין ווילנא
**(עקסעסטירט שאן 50 יאהר).**

איך רעכען פיר איבריג צו לויבען אונ רעקלאמירען מיין בוכהאנדלונג, וועלכע עקסעסטירט שאן זא לאנג אונ האט זיך א שם־טוב ערווארבען. די פיעלע אונ גוטע אונזערע אויסגאבען, הן אין העברעאיש הן אין זשארגאן, זענען די בעסטע עדות דערויף. איך מאך נור אויפמערקזאם, דאס די לעצטע צייט האט זיך מיין **געשעפט פיעל אויסגעבעסערט אונ פערגרעסערט געווארען מיט פיעל העברעאישע אונ זשארגאנישע ביכער,** וועלכע זענען ערשיענען דורך **מיין פערלאג,** אונ שטענדיג געפינט זיך אויפ'ן לאגער א גרויסער אויסוואהל פון אלע **זשארגאנישע בעסטע ביכער, פון די בעסטע בעריהמטע שריפטשטעלער.**

אויך געפינט זיך אין מיין בוכהאנדלונג אלע ספרי **חנוך ולמוד** (אוצעבניקעס) מכל הפערלאגען; ספרי **מליצה ושיר, ספרי פלפול ודרוש וכל מיני רומעל** מכל בתי־הדפוס הן ממדינתנו והן מחו"ל.

**איך פערקויף צו ביליגע פרייזען די אלע פאלגענדע ביכער פון מיין אייגענעם פערלאג:**

**כל שירי גארדאן** פרייז מיט פארטא 7 רובל.

**ספרי פרץ סמאלענסקין** פרייז 13.90 רובל מ"פ

**בית הספר השלם** מיט רוסיש אונ זשארגאן חלק א' 50 קאפ'; חלק ב' 60 קאפ'; חלק ג' 90 קאפ'.

**בית הספר השלם** מיט רוסיש חלק א' 40 קאפ'; חלק ב' 55 קאפ'. חלק ג' 80 קאפ'.

**מטמון הילדים** חלק א' 60 קאפ'.

**המחנך השלם** מאת גדליהו סופר מיט רוסיש אונ זשארגאן 80 קאפ'. מיט זשארגאן אליין 60 קאפ'.

**יעצט איז ערשיענען דורך מיין פערלאג די נייע אוצעבניקעס:**

**תינוקות לבית רבן** פיר אנפענגער, פרייז 15 קאפ' מיט פארטא.

**פרדס הילדים** פיר אנפענגער, מיט פראכטפאלע אילוסטראציעס, גראסארטיג געדרוקט, פרייז מיט פאר' 50 קאפ'.

**בוכהענדלער אונ ציוניסטישע אגודות בעקומען פראצענט.**

187—10—4

אדרעססע:

Въ книжный и картинный магазинъ
М. КАЦЕНЕЛЕНБОГЕНЪ, г. г. ВИЛЬНА.

---

## וויכטיג פיר ארויסגעבער, מחברים און לעזער

די בוכבינדעריי אונ גאלאנטעריי-ארבייט פאבריק „טרוד"

# „ТРУДЪ" פון א. קאמען, ווארשא, סאלנא 10

נעהמט אָן פערשיעדענע פראכט אונ איינפאך ארבייטען צו זעהר מעסיגע פרייזען. די בוכבינדעריי האט אלע נייטיגע מאשינען, די נייעסטע אונ שענסטע אָרנאמענטען אונ שריפטען, נעהמט אָן בעשטעלונגען אויף איינבינדען אונ **בראשירען גאנצע אויפלאגען, ביבליאטהעקען, האנדעלסביכער, שולביכער א. ז. וו.**

בעזאנדערס פערפערטיגט פראכט-בענדער אויף **פרעזענטען**

---

שטענדיגער בוכבינדער פיר פערלאג „תושיה" אונ „אחיאסף" אונ פיעל אנדערע.

זיך צו ווענדען שריפטליך אונ מינדליך אן

164 **А. Камень,** Варшава, Сольная 10. 10—9

---

## בבית מסחר הספרים של האחים
# לעווין עפשטיין ושותפיהם
**ווארשא, גענשא נומר 5.**

נמצא להמכר יותר משלשת אלפים מיני ספרים מכל המקצעות והם: חומשים מחזורים, סדורים, שו"ת, דרוש, פוסקים, שס"ם ואלפסין, ספרי למוד, מליצה, מחקר, שיר והספרות היפה; ספורים בזארגאן. — בית-המסחר הנ"ל ממלא רצון הקונה עצהיו"ט.

אדרעסע:

**Ком. тов. Братьевъ Левинъ-Эпштейнъ и Ком.**
**Варшава, Гусья № 5.**

**Kom. Ges. Gebr. Lewin-Epstein & Co., Warschau,**
168 **Gęsiastr. 5.** 11—8

קאטאלאג מפורט יצא לאור, מחירו 20 קאפ.

---

**Интересный и наилучшій подарокъ себѣ и знакомымъ.**

Не дорого и красиво и каждому доступно воспользоваться этимъ случаемъ. **Только за 1 р.** мѣдная надверная доска, красиво гравированная (имя, отчество и фамилія заказчика) черной эмалью, весьма красиво и изящно отдѣланная и отполированная. Имѣется также большой выборъ усовершенствованной домашней типографіи по самымъ дешевымъ цѣнамъ. Каждому доступно подарить себѣ и дѣтямъ, можно самимъ составить разные тексты. Мастерская также изготовляетъ всевозможные каучуковые штемпеля, сургучныя и рельефныя печати, по умѣреннымъ цѣнамъ.

**Пріѣзжимъ мастерская изготовляетъ заказы въ продолженіи 2 часовъ.** Иногороднимъ высылается налож. платежомъ **на 35 коп. дороже.**

Адресовать:

**Варшава, мастерская штемпелей Великсона Рымарская 3,** (рядомъ съ Государственнымъ банкомъ).

Требуются агенты. Каталогъ высылается безплатно.

Nr. 18. | Jüdische Volks-Zeitung | צווייטער יאהרגאנג.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר׳ אויסצאהלען אין ראטען: ביים איינשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל אונ דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

# יודישע פאלקס־צייטונג

א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушiя“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליסקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן אונ אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

29 April 1903. | Nr. 18. | ב׳ אייר תרס״ג.

## פאליטישע ענינים.

די לאגע אין מאקעדאניע אייראפא וועגען מאקעדאניע. דער דייטשער קייזער אין דענעמארק פרעזידענט רוזוועלט׳ס מיינונג.

די ידיעה אז די אלבאניער האבען געשאסען דעם רוסישען קאנזול שטשעבינין אין מיטראוויץ אונ איז דערפון געשטארבען, האט געמאכט א גרויסען רושם אין אייראפא אונ נאך מעהר אין רוסלאנד. די רוסישע רעגירונג האט ווידער אריינגעשיקט איין אזהרה צו די בולגארישע רעגירונג אונ האט איהר מתרה געווען, זי זאל אויפהערען צו רייצען דאס פאלק צו א מרידה. די רוסישע רעגירונג ווייסט גאנץ גוט, אז די האנדעלס־אגענטען, וואס די בולגארישע רעגירונג שיקט אין די מאקעדאנישע שטעדט, העצען אויף דעם עולם. א ראיה, אז קוים איז דער נייער בולגארישער האנדעלס־אגענט געקומען אין דער שטאדט ב ע ט י ל ע איז דארטען די מרידה שטארקער געווארען. אויב די אזהרה וועט ווירקען איז נאך אבער א שאלה. די בולגארישע רעגירונג מיינט א פנים, אז מעהר ווי רוסלאנד וועט זיך נישט אריינמישען אין דער מאקעדאנישער פראגע אונ רוסלאנד גופא וועט אויך נאר אבקומען מיט די אזהרות, אבער נישט מעהר; די איבריגע מלוכות, אזוי מיינט וועניגסטענס בולגאריע, וועלען זיך אין דעם נישט מישען, אזוי ווי זיי האבען זיך אמאל אריינגעמישט. בולגאריע זעהט, אז אייראפא וועט אפילו איין איינציגען סאלדאט נישט לאזען פאלען, וואו זי וועט נישט באלד זעהען, אז זי וועט דערפון האבען נוצען. בולגאריע האט אבער אין דעם א שטארקען טעות, אייראפא קאן נישט אזוי לאזען די לאגע אויף דעם באלקאן האלב־אינזעל, אויב זי וויל נישט, אז דערפון זאל ארויסקומען איין אלגעמיינע אייראפאאישע מלחמה. אייראפא מוז בעצייטענס איינלעשען דעם פייער באלד ווי עס ברעכט אויס אונ עס נישט לאזען ווייטער קומען, אונ דאס וועט זי אויך טון, ווען זי וועט זעהען, אז די סכנה איז גרויס, אזוי ווי זי האט געטאן נישט לאנג מיט חינא, ווען די מרידה איז דארטען צו שטארק געווארען. כמעט אלע מלוכות, וואס האבען גענומען איין אנטייל אין די מלחמה מיט חינא, וועלען אויך נעמען איין אנטייל איינצושטילען די מרידה אין טערקיי. נאר איין דייטשלאנד וועט שטעהן פון דערווייטען, ווייל זי האט גאנץ ווייניג אינטערעסען אין טערקיי אונ ווייל זי איז פארנומען מיט עפיס אנדערש.

אונ פארנומען איז דייטשלאנד מיט ווערען גוט פריינד. גוט פריינד ווערען מיט פראנקרייך, גוט פריינד ווערען מיט עסטרייך, גוט פריינד ווערען מיט דעם פאפסט אונ לסוף גוט פריינד ווערען מיט דענעמארק.

זייט דעם יאהר 1864, ווען פרייסען האט מלחמה געהאלטען מיט דענעמארק אונ האט פון איהר צוגענומען די 2 פראווינצען שלעזוויג אונ האלשטיין, איז צווישען די ביידע נאציאנען געווארען א שנאה, אמת נישט אזא שטארקע שנאה ווי צווישען פראנקרייך מיט דייטשלאנד, אבער דאך א שנאה. היינט אבער, נאכדעם ווי דייטשלאנד האט שוין אבגעריסען א פאר פראווינצען פון ד ע ר מלוכה, א פאר פראווינצען פון י ע נ ע ר מלוכה אונ וויל זיכער זיין, אז מען זאל עס פון איהר נישט צוריק צונעמען, וויל זי מיט אלעמען לעבען גוט אונ צוליב דעם איז דער דייטשער קייזער געפאהרען אין דענעמארק, וואו דאס פאלק האט איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען אונ די גרעסטע דענישע בלעטער האבען געשריבען ארטיקלען לכבוד דעם דאזיגען בעזוך, אין וועלכען זיי האבען געלויבט דייטשלאנד אונ געריהמט. דערפון איז אבער נאך קיין ראיה נישט צו נעמען, אז דענעמארק האט שוין אין גאנצען אויפגעגעבען איהר האפנונג אויף צוריק צו בעקומען שלעזוויג־האלשטיין אונ אז אין הארצען טראגט זי שוין מעהר נישט נאך קיין שנאה. נישט מעהר, דער דרך־ארץ פארלאנגט, אז בשעת דער דייטשער קייזער איז זייער גאסט, דארפען זיי איהם ווייזען א פריינדליך פנים.

אונ נישט נאר די מדינות, פון וועלכע דייטשלאנד האט שוין צוגענומען א פאר שטיקער, חנפ׳עט דער דייטשער קייזער, נאר אפילו די מדינות, וואס דייטשלאנד האט נאר בדעה צו צונעמען עפיס,

חנפ'עט אויף דער דייטשער קייזער און מיט איהם די גאנצע דייטשע פרעסע. די דייטשע צייטונגען לויבען די לעצטע צייט זעהר דעם אמעריקאנישען פרעזידענט רוזוועלט, חאטש אין זיין בוך, וואס ער האט נישט לאנג ארויסגעגעבען און אין זיין לעצטע רעדע, וועלכע ער האט געהאלטען אין טשיקאגא, האט ער אויסדריקליך געזאגט, אז ער וועט בעשיצען מיט אלע זיינע כחות דעם געזעץ פון מאנראָע, וועלכער זאגט: אמעריקא פאר די אמעריקאנער, און וועט קיין פרעמדע רעגירונג נישט לאזען צונעמען אפילו איין שפאן ערד.

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— דעם 6־טען (19) אפריל איז אונערוואַרטעט אין איינינע געגענדען אין דייטשלאנד און רוסיש פוילען ווידער ווינטער געווארען, גרויסע ווינטען מיט שנע. אין בערלין זענען פיעלע צעהנדלינגע מענשען געראנעט געווארען דורך דעם שטורם־ווינט. אין די אומגעגענד פון קאליש, טשענסטאחאוו און דאמבראָווע האט דער שנע פארדעקט די פעלדער איין ארשין אין דער הויך. פיעלע אייזענבאהן־ציגע האבען זיך אבגעשטעלט און פארשפעטיגט איבער דעם.

— דאס מיניסטעריום פאר פאלקס־בילדונג האט ערקלערט, אז אלע קענען צוקומען צום עקזאמען אלס לעהרלינג אין איין אפטהייק אהן א שום חילוק ווי אלט ער איז.

— פאריגע וואך איז אין ווארשא געוועזען איין אספה, אויף וועלכע מען האט זיך איין עצה געהאלטען וועגען בויען א שולע פאר קונסט אין ווארשא.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** דער יודישער גביר ל. בראָדסקי אין קיעוו האט געשאנקען 14,000 רובל אויף איינע פון די קיעווער האנדעלס־שולען. סך הכל האט שוין דער זעלבער גביר מנדב געוועזען אויף דער דאָזיגע שולע 150,000 רובל.

— די יודישע שטאדט־פערוואלטונג אין באברויסק האט זיך פאר א יאהרען נאך דער גרויסער שרפה, וואס איז דארט געוועזען, געווענדעט מיט א בקשה צו דער רעגירונג, אז מען זאל איהר לייהען א האלבען מיליאן, בכדי צו העלפען די ארימע נשרפים. די דאָזיגע בקשה ווערד איצט בעטראכט אין פינאנץ־מיניסטעריום.

— נישט לאנג איז אין פעטערסבורג ווידער געוועזען א העבּרעאישער אבענד. דער באראָן דוד גינצבורג, וואס האט געלאזט מאכען דעם אבענד אין זיין וואהנונג, האט דעם אבענד געעפענט מיט א קורצע רעדע. אין דער ליטעראַרישען אבטיילונג האבען איין אנטייל גענומען ד"ר ל. קאצענעלסאן, וועלכער האט פארגעלייענט זיין ערצעהלונג ליל שמורים. ה' ליפמאן האט פארגעלייענט פון מאנוסקריפט פרישמאנ'ס א שיר „דער כהן" און נאך אנדערע שירים זענען געלייענט געווארען. דעם אבענד האבען געמאכט די חברה „חובבי שפת עבר" און א העלפט פון דער הכנסה וועט געהערען צו די נאציאנאל ביבליאטהעק אין ירושלים.

— ווי די צייטונגען שרייבען קאן מען האפען, אז היינטיגעס יאהר וועלען די תבואות אין די יודישע קאלאניעס אין רוסלאנד געראטען און די קאלאניסטען וועלען קענען בעצאהלען זייערע חובות, וואס זיי האבען זיך אין די יקרות־יאהרען איינגעשולדיגט.

— די חברים פון דעם בירזען־קאמיטעט אין ניקאלאיעוו האבען געשיקט דעם הער עמסען קיין פעטערסבורג, וואו ער זאל זיך משתדל זיין צו בעקומען איין ערלויבניש, צו עפענען אין ניקאלאיעוו א האנדעלס־שולע און אויב עס וועלען בלייבען ליידיגע ערטער, ווייל עס וועלען נישט זיין אזוי פיעל קריסטליכע שולער, זאל מען צונעמען יודישע שילער מעהר ווי דעם בעשטימטען צאהל.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז די יודען, וואס האבען נישט דאס רעכט צו בעזעצען זיך אויף תמיד אין דעם דאן־ראיאן, קענען פונדעסטוועגען דארטען זיין א קורצע נישט קיין בעשטימטע צייט.

— דער באנקיער פאליאק אויס מינסק האט אבגעמאכט מיט די דארטיגע קצבים, אז זיי זאלען פארקויפען די ארעמע לייט, וואס וועלען פון איהם ברענגען א קוויטעל, א פונט אכטען־פלייש פאר 10 קאפעקען, די איבריגע ביז 25 קאפ. וועט ער בעצאהלען.

— דער יודישער גראַווער ישראל ראחומאווסקי, פון וועלכען מיר האבען אין פאריגען נומער געשריבען, איז שוין אנגעקומען אין פאריז,

# פעליעטאן.

## פוטער.

אליין בין איך א חעלימער. חעלים האט, נאך דער לעצטער פאלקסצעהלונג, 5595 איינוואהנער. 5594 פון זיי זענען נאראנים, אזוי ווי די גאנצע וועלט ווייסט, און נאר איינער — מיין עניוות ערלויבט מיר נישט צו זאגען, ווער דער איינער איז — איז א קלוגער. אז מען פרעגט א חעלימער: „פון וואנען זענט איהר?" שטויסט ער זיך באלד אן און ענטפערט ברוגז: „זענט איהר קלוג!" איך אבער, דער איינער אין גאנץ חעלים, בין טאקי דארט אויך ראש־הקהל, גבאי, בכל־מכל־כל און דער גאנצער רעדעלספיהרער. — אבער נישט דאס מיין איך צו דערצעהלען. איך מיין גאר אייך היינט צו דערצעהלען פון אונזער בעריהמטען פוטער־האנדעל.

די זאך איז פשוט. אזוי ווי חעלים האט פיעל בהמות (בהמות ממש, קיה, ציגען וכדומה; איך בין קיין שום חכמות נישט אויסען), האנדלען אלע ביי אונז מיט פוטער. פון דער פריה ביז אין די טיעפע נאכט אריין הערסטו נישט מעהר און זעהסטו נישט מעהר ווי פוטער. אלט און יונג, גרויס און קליין, אלעס, אלעס האנדעלט מיט פוטער. מען צאהלט חובות מיט פוטער, מען לייהט א גמילות חסד פוטער, מען גיט א טאכטער נדן פוטער, מען גיט נדבות פוטער. מען האט אזוי פיעל פוטער, אז מען ווייס גאר נישט, וואס מיט איהר צו טון. על כל צרה שלא תבוא האט מען פוטער. אויף א דערקיהלעניש גיט מען פוטער. אויף א מיחוש אין די אויהרען גיט מען פוטער. און קומט עס צו א כלל־זאך, פארשטעהט מען שוין פון זעלבסט, אז עס וועט ארויסקומען פוטער. — אבער נישט דאס איז דער עיקר. דער עיקר איז, אייך צו דערצעהלען פון די גרויסע קעלטען און די שרעקליכע פרעסט, וואס מיר האבען אים היינטיגען יאהר אין אונזער חעלים געהאט.

מילא בנוגע די קעלטען און די פרעסט, איז קיינער דארין נישט מחולק. אלע פילוסופים און אפיקורסים, און אפילו אלע עקשנים וועלכע האבען א הנאה אלעס אבצולייקענען און צו זאגען אלדינג קאפויר, האבען אים היינטיגען יאהר שוין געמוזט זיך מודה זיין, אז קעלט איז טאקי קעלט און פראסט איז טאקי פראסט. אמת, על פי חקירה קאן מען בעווייזען, אז קעלט איז אפילו נישט מעהר ווי א נאטור־זאך און עס האט א שטיקל שייכות מיט די לופט און מיט די ארבע יסודות, ווי עס שטעהט געשריבען אין ספר הברית. על פי פילוסופיא קאן מען בעווייזען, אז איינענטליך האט קעלט א שליטה נאר אויף די רמ"ח אברים און שס"ה גידים, נישט ווייטער, און וויל מען נאר, קאן מען זי בעצם ביי זיך אין הארצען מבטל זיין, אזוי ווי זי וואלט גאר נישט

איז שוין געווען אין דעם מוזעאום לובער און געזעהען די טיארא. ער האט אבער דערווייל נאך קיין ווארט נישט געזאגט צו די פיעל צייטונגס־קארעספאנדענטען, וואס זענען געקומען זיך ביי איהם צו דער־קונדיגען ווער עס איז דער אמת'ער גראווער פון דער טיארא.

חול המועד פסח איז געווען אין ווארשא אין זאל „הארמאניע" איין אלגעמיינע פארזאמלונג פון דער לעהרער־געזעלשאפט. נאכדעם ווי מען האט פארגעלעזען דעם דין וחשבון פון פארגאנגענעם יאהר, וועלכער איז אנגענומען געווארען פון דער פארזאמלונג, איז מען צוגע־טרעטען צו דער וואהל פון פרעזסעדאטיעל פון דער געזעלשאפט, אנשטאט דעם פארשטארבענעם ה' נ. זאקס און דריי מיטגלידער פון קאמיטעט, 4 קאנדידאטען און 4 קאנטראלארען. מיט א גרויסער צאהל פון שטימען איז אויסגעוועהלט געווארען אלס פארזיצענדער דער רעלי־גיאן־לעהרער אין 5־טער גימנאזיע, דער פארלייפיגער יודישער צענזאר ה' ישראל אלאפין. אלס מיטגלידער פון קאמיטעט זענען געוועהלט געווארען: עמיל פרץ, יעקב סערעסקי, פילמוס. אלס קאנדידא־טען: ניסנזון, פארטנער, שפאק, הירשהארן. אלס קאנטראלא־רען: האזענפוס, פרידבערג, כהן, פריוונגער.

**עסטרייך־אונגארן.** דעם 14־טען אפריל איז אין מעראן גע־שטארבען דער בעריהמטער געלעהרטער פילאזאף און פעלקער־פסיכא־לאג פראפעסאר משה (מאריץ) לאצארוס.

**דייטשלאנד.** אין קאניץ האט מען געפונען די ביינער פון דעם גע'הרג'עטען גימנאזיאסט ווינטער (וואס מען האט בעשולדיגט אין דעם מארד יודען מיט עלילת דם און יודען האבען דארט פיעל געליטען דערפון). געפונען האט מאן עס אין קלאזעט פון דער שולע. די ביינער שטימען ריכטיג צו די איבריגע טיילען פון דעם דערמאר־דעטענס קערפער, וואס מען האט נאך דעמאלט געפונען. עס שיינט יעצט, אז דאס איז אריינגעווארפען געווארען אין קלאזעט פון דער שולע איינינע טעג נאך דער מארד־טאט. דער חשד אז דער רוצח איז געווען אלעהרער פון דער שולע, וועלכער האט געאייפערט דעם שילער ווינטער, אז ער האט א פארהעלטניס צו זיין פרוי, ווערד דאדורך פעסטער. עס איז יעצט צו האפען, אז דעריבער וועט ענדליך די גאנצע דונקעלע אפערע פון קאניצער מארד זיך דייטליכער ערקלערען.

**ענגלאנד.** דער יודישער שריפטשטעלער אין דער ענגלישער שפראך ה' ישראל זאנגוויל איז ארויס אין דער „טיימס" מיט איין ארטיקעל געגען דעם, וואס די חברה „יק"א" וויל איבערמאכען די תקנות פון דער חברה לויט די פארארדענונג פון באראן הירש. ער ווענדעט זיך צו די ביידע פארלאמענטען, מען זאל נישט לאזען פאר־שווענדען דעם איינציגען יודישען פאנד, מיט וועלכע מען קאן די יודישע פראגע אבהעלפען, אויף תמיכות און נדבות, וואס קענען ניט דעם אלגעמיינעם יודישען צושטאנד פארבעסערען.

— דער „הדגל" שרייבט, אז די „יק"א" האט בדעה צו העלפען מיט דעם באראן הירש געלד דעם פראקטישען ציוניזם און מחמת דעם וויל זי איבערמאכען די תקנות פון דער חברה.

**אמעריקא.** די פראבע צו בעזעצען יודישע פאמיליען אין בראזיליע וועט מען מאכען אין גיכען, צוערשט וועט מען דארט בעזעצען 50 יודישע פאמיליען און אויב דער ישוב וועט דארטען געראטען, וועט מען דארטען בעזעצען נאך אסך יודישע פאמיליע.

— די חברה צו פארשפרייטען לאנד־ארבייט צווישען יודען האט געשיקט 65 יודישע פאמיליעס אויס טשיקאגא נאך צפון דאקאטא. די חברה האט געליגען די קאלאניסטען 18,000 דאלאר. די קאלאניסטען זעלבסט האבען 40,000 דאלאר. זיי וועלען בעקומען א שטח ערד, וואס האלט 5440 אקער.

**טערקיי.** פון קאנסטאנטינאפאל איז מען מודיע, אז דער סולטאן האט געשאנקען די שטאדט יפו א פלאץ דערויף צו בויען א ציוניסטישע שולע.

**רומעניע.** דער רומענישער פארלאמענט האט געשאנקען צוויי לעבעדיגע יודען בירגער־רעכט. מיר האבען אונטערגעשטריכען דאס ווארט לעבעדיגע, ווייל עס האט פאסירט, אז די רומענישע רעגירונג האט געשאנקען בירגער־רעכט נאר געשטארבענע יודען.

**מצרים.** די יורשים פון דעם פארשטארבענעם באראן אליהו די־מנשה פון אלכסנדריה האבען בעשלאסען צו גרינדען אויף זייער פאטערס נאמען א פריוט פאר יתומים און פאר קראנקע, וועלכע מען קאן נישט אויסהיילען.

---

זיין. על פי פלפול קאן מען בעווייזען, אז אייגענטליך איז קעלט אזא מין זאך ווי להבדיל צאהן־וועהטאג; מען מוז זי נאר קענען דערטראגען און דערווארטען זיך אויף דעם זומער. אבער וואס נוצט דאס אלעס? אז עס טרייסעלט די אברים, ווערען טאקי די אברים געטרייסעלט. אז עס קלאפערן די ציינער, קלאפערן זיי טאקי. אז עס ווערד איינעם געגליווערט דאס בלוט אין די אדערן, העלפט קיין המצאה נישט. מען איז ביי אונז נישט אים שטאנד די נאז אין גאס ארויסצוווייזען, און ווייזט מען זי נישט ארויס, און בעהאלט מען זי בחדרי חדרים, קומט די קעלט אריין צו אונז אין דער היים און זוכט אונז בחדרי חדרים און געפינט דארט נעביך אונזער נאז און אונזערע איבעריגע ארימע 247 אברים, אז איין גאט מעג זיך מרחם זיין.—אבער דאס איז נישט די הויפט־זאך פון מיין היינטיגען שרייבען; די הויפט־זאך איז, אייך צו דערצעהלען פון דער אסיפה, וואס מיר האבען געהאט ביי אונז אין חעלים פאר עטליכע וואכען.

די אסיפה איז געווען וועגען די קעלט און וועגען פוטער.

מילא וואס קעלט איז, ווייסט איהר שוין; וואס פוטער איז, ווייסט איהר אויך שוין אביסל — בלייבט מיר נאר איבריג, אייך צו זאגען, וואס איין אסיפה איז. ־מען שטעלט אוועק א גרינעם טיש, מען נעמט א גלעקל און זעצט דאביי אוועק א מענשען, וועלכען מען רופט אויף אלע לשונות פרעזידענט אדער פרעזסידאטעל, מען זעצט ארום דעם טיש אזעלכע באשעפענישען, וועלכע מען רופט געוועהנטליך מענשען, און מען הייבט אהן צו רעדען און צו רעדען, צו טענה'ען און צו טענה'ען צו פרעגען און צו ענפערן, ביז מען הערט אויף און מען שווייגט.־־ רופט מען דאס אסיפה.

ובכן האבען מיר אויך אין אונזער שטעדטל געהאט איין אסיפה. פארשטעהט מען פון זעלבסט, אז דער פרעזידענט, דער וואס זיצט אויבען אן, בין איך אליין געווען.

דאס ערשטע איז געווען, איך האב געקלונגען מיט דעם גלעקל. אלע האבען געקוקט און געשוויגען. איך האב מיך אויפגעשטעלט און געזאגט: „די אסיפה איז געעפענט!". דאן האב איך מיך ווידער אוועק־געזעצט און האב גאר נישט געזאגט. דאן האב איך מיך ווידער אויפ־געשטעלט און האב געזאגט צו מיר אליין: „איך בעט אום דאס ווארט", דאס הייסט: איך פארלאנג צו רעדען. און תיכף האב איך מיר גע־געבען די ערלויבעניש צום רעדען.

אגב מוז איך אייך זאגען, אז די דינים פון אסיפה זענען נאר נישט אזוי לייכט, ווי מען קאן מיינען. עס איז פיעל גרינגער זיך אויסצולערנען אלע פרטים ווי צו פראווען א סדר און ווי אומצוגעהן מיט א סדר־שיסעל, צו וויסען וואו די זרוע ליגט און וואו די חרוסת, ווען נעמט מען די אונטערשטע מצה און ווען די אויבערשטע און ווען די צעבראכענע פון מיטען; שווערער טויזענט מאל איז צו וויסען אלע

## ווענען דער קאלאניאל-באנק.

הער לעוואנטין, דער דירעקטאר פון די יודישע קאלאניאל-באנק, וועלכער איז ניט לאנג געקומען צו פאהרען פון לאנדאן, האט געהאט א געשפרעך מיט א קארעספאנדענט פון „המליץ" אונ האט איהם איבערגעגעבען פאלגענדעס:

די באנק בעשטעהט איצט, נאכדעם ווי מען האט אבגערעכענט אלע קאסטען, וואס זענען אוועקגעגאנגען אויף עפענען פון באנק אונ איינארדנונגען, פון א סומע אין 245,250 פונט שטערלינג. די באנק האט פאר זיך די צוויי ציעלען: איינס, צו גרינדען א פונדאמענט אום צו קענען קריגען דורך איהם דעם טשארטער, קאנצעסיעס אונ פארשידענע פראוועס; צווייטענס: צוזאמענקלויבען די סומע געלד, וואס איז נייטיג אום צו קריגען דאס אלעס. דער ערשטער ציעל איז שוין ערגרייכט געווארען זאבאלד עס איז שוין געוועזן אין באנק די סומע, וועלכע איז בעשטימט געווארען אין ספר־התקנות. דער צווייטער ציעל איז נאך ניט ערגרייכט געווארען. די סבה פאר וואס אלע אקציעס זענען נאך ניט פארקויפט געווארען איז, ווייל די קאפיטאליסטען, וועלכע קויפען אקציעס לשם מסחר, ווילען דאך ניט קויפען אקציעס פון א נאציאנאל־באנק, ווייל זיי זענען ניט זיכער אין זייער רוח (דיווידענד), אונ די וואס קויפען די אקציעס פון די נאציאנאל־באנק זענען נאר אונזערע ארימע ברידער, נאציאנאליסטען, אונ קוים איז דער ציוניזם נאך ניט איינגעדרונגען אין גאנצען פאלק, האבען דערווייל די ציוניסטען ניט געקאנט אויפטון מעהר וויפיעל זיי האבען אויפגעטאן ביז איצט. נאר סוף כל סוף, האפען מיר, וועט דאס פאלק אנערקענען דעם גאנצען ווערט פון די באנק אונ וועט זיך סטארען צו ערגרייכען דעם ציעל, צו וועלכען די באנק איז בעשטימט געווארען.

דערווייל מאכט די באנק געשעפטען אזוי ווי אלע באנקען. דאך, ווייל דער עיקר איז זי בעשטימט געווארען נישט לשם מסחר, מאכט די באנק נאר אזעלכע געשעפטען, וועלכע זענען ווייט פון היזק, אונ פון די אלע געשעפטען, וועלכע מען האט געמאכט ביז איצט, קאן מען דעם קרן ארויסנעמען ווען מען וועט איהם נאר בעדארפען.

די באנק איז שוין בעקאנט אין די פינאנסען־וועלט אונ האט שוין צוטרויען פון אלע גרויסע באנקען אין אייראפא אונ אמעריקא. דאס איז זעהר וויכטיג פאר דעם ציוניזם.

די באנק איז שבת פארמאכט. נאר דאס שטערט איהר נישט אין די געשעפטען. אלע באנקען ווייסען שוין פון דעם אונ אז זיי האבען עפיס א געשעפט צו איהר געבען זיי איהר איבער אדער פרייטאג אדער מאנטאג.

פון דעם פאריגען יאהר איז געוועזן רוח $2\frac{3}{4}$%. נאר דער רוח וועט פריהער נישט צעטיילט ווערען צווישען די אקציאנערען ביז עס וועט זיין די אלגעמיינע אספה פון די אקציאנערען. אום צו שפארען איבריגע קאסטען האט מען אבגעלעגט די אספה ביז צום קומענדיגען קאנגרעס אין באזעל.

די געשעפטען פון באנק געהען אלץ מעהרער אונ מעהרער אונ צוזאמען מיט דעם פארגרעסערען זיך די הכנסות פון באנק. מען זארגט אויך דערפאר אז זאגאר די רוסישע באנקען זאלען איינצאהלען דעם דיווידענד די רוסישע אקציאנערען קעגען די קופאנען פון די אקציעס. אויך סטארעט מען זיך מבטל צו מאכען דעם איסור אריינצופיהרען אקציעס אין רוסלאנד, אונ מען האפט דאס אין גיכען צו ערגרייכען.

א פאדראבנער בילאנס פון דער באנק וועט ווערען אבגעדרוקט אין אלע יודישע צייטונגען, גלייך ווי די קאנטראליארען פון דער רעגירונג וועלען ענדיגען זייער קאנטראלע.

אין גיכען וועט אין יפו אויפגעעפענט ווערען איין אבטיילונג פון דער באנק. ה' לעוואנטין וועט זיין דער דירעקטאר, אונ אין לאנדאן וועט ווערען דירעקטאר הער ה׳ר׳ש,

---

פרטים וואס מען בעדארף צו איין אסיפה: וואס איז רעכטס, וואס לינקס אונ וואס מיטען; ווען „שטעלט מען איין אנטראג", ווען איז „געשעפטס־ארדנונג" אונ ווען איז א „זאכליכע בעמערקונג"; ביי וועלכעם מוז מען אויפשטעהן אונ ביי וועלכעם זיך אוועקזעצען; ווען מוז דער פרעזידענט קלינגען מיט דעם גלעקל אונ ווען טרינקט ער אפאר שלוק וואסער. מאכט מען דאס אלעם ריכטיג, נאך אלע דינים. פארשטעהט מען פון זעלבסט, אז עס איז נאר נישט משער צו זיין, וועלכע גרויסע חסדים אונ טובות עס קומען דאפון ארויס פאר'ן כלל ישראל. אבער דאס איז נישט דער עיקר. דער עיקר איז, אז איך האב גערעדט אונ גע־זאגט אזוי:

„מיינע הערען! עס איז בעוואוסט פון פיעל חקירה־ספרים אונ אפילו על פי שכל, אז קעלט איז א שלעכטע זאך. ווארעמקייט דאקעגען איז א גוטע זאך. איך רעכען, אז קיינער פון אייך וועט נישט זאגען אנדערש. אויך די הייליגע חכמים זאגען: המפורסמות אין צריכים ראיות, אונ אזוי שטעל איך „דעם אנטראג" אנצונעמען, אז אונז איז נעביך זעהר שלעכט, ווייל עס איז ביי אונז זעהר קאלט!"

מיין „אנטראג" איז געווארען אנגענומען איינשטימיג.

איך האב געטרונקען א פאר שלוק וואסער (נאך דער ערשטער רעדע קומט נישט קיין גלעקל, נאר אפאר שלוק וואסער) אונ האב געזאגט אזוי:

„געעהרטע הערען! וואס קאן מען טון קעגען קעלט? וועלכע עצה איז פאר־האנען? וואס פאר א מיטלען? וואס פאר א פראיעקטען? — איך רעכען, אז די איינציגע עצה איז, אז יעדער פון אונז זאל האבען איין אויווען, איך קאן דאס בעווייזען על פי שכל. אזוי ווי אהן איין אויווען איז קאלט אונ מיט א געהייצטען אויווען איז ווארם, איז דאפון געדרונגען, אז ווען יעדער פון אונז וועט האבען א געהייצטען אויווען, וועט ווארם זיין. האט איינער עפיס דאקעגען צו זאגען אלס געשעפטסארדנונג אדער אנטראג אדער זאכליכע בעמערקונג?"

אלע האבען געשוויגען איינשטימיג.

איך האב געטרונקען אפאר שלוק וואסער אונ געקלונגען מיט דעם גלעקל, ביידעס צוזאמען, אונ האב געזאגט דאס ווארט „גע־שעפטסארדנונג" אונ גערעדט אזוי:

„מיינע געעהרטע הערען! וואס איז אבער איין אויווען? איין אויווען איז א זאך, וואס ווערד געמאכט פון פארשידענע מאטעריאלען: פון לעהם, פון ציגעל אדער פון קאכל"ס. ווער עס האט די דאזיגע מאטעריאלען, איז נישט דא וואס צו רעדען; א ודאי ובודאי איז עס רעכט, ער זאל דאפון איין אויווען מאכען, וואס אבער זאלען מיר טון, וואס מיר האבען נישט א זעלכע מאטעריאלען? מיר מוזען מאכען פון דעם וואס מיר האבען, אונ אזוי ווי מיר האבען פיעל פוטער, שטעל איך דעם אנטראג, צו מאכען אויווענס פון..."

וועלכער איז געוועזן דירעקטאר אין דער פירמא פיינבערג אין קעניגסבערג. די באנק האלט אויך דאס געלד פון נאציאנאל־פאנד אלס פקדון. די סומע פון נאציאנאל־פאנד איז יעצט הונדערט פינפצעהן טויזענט רובל. אויך ליגט אין באנק פארשידענע סומען, וועלכע מען האט געגעבען, כדי צו גרינדען א יודישע אוניווערזיטעט.

אם ענדע האט ה' לעוואנטין מיטגעטיילט, אז זייענדיג נאהענט צו דער ציוניסטישער פיהרונג קאן ער פארזיכערען, אז דער ציוניזם געפינט זיך איצט אין א זעהר גוטע לאגע און גיט פיעל גוטע האפנונגען.

---

## דער פראצעס וועגען דרייפוס.

אין פראנצויזישען פארלאמענט האט זיך דער ענין דרייפוס ווידער אנגעהויבען צוליב דעם וכוח איבער די וואהל פון דעם אבגעארדענטען ס ע ו י ט א ן, וועלכען ז ש א ר ע בעשולדיגט, אז בשעת די וואהלען האט ער פארשפרייט צווישען פאלק פראקלאמאציעס, אויף וועלכע עס זענען געוועזן אויסגעשריבען די ווערטער „דאס אויסלענדישע מיניסטעריום". די כונה פון די דאזיגע ווערטער איז: דאס מיניסטעריום, וואס האט ערלויבט איבערצופסק'ענען דרייפוסעס משפט. זשארע זאגט אין זיין רעדע, אז פאר אויסלענדער אין פראנקרייך קאן מען האלטען נאר די נאציאנאליסטען. ער דערמאנט אויך דעם בריף, וועלכען מען האלט, אז דער דייטשער קייזער האט עס געשריבען און פון וועלכען עס ווייזט אויס, אז דרייפוס איז שולדיג. דער דאזיגער דאקומענט איז פאלש. דער בעוואוסטער א נ ר י האט עס געפעלשט. אין יאהר 1891 איז אזא דאקומענט גאר נישט געוועזן, מען האט עס ערשט אין יאהר 1897 געמאכט, כדי נישט צו לאזען איבערפסק'נען דרייפוסעס משפט. זשארע, רעדענדיג פון דעם פאלקאווניק אנרי, וואס האט זיך דאס לעבען גענומען, דערמאנט דעם בריף פון גענעראל פ ע ל י ע, אין וועלכען עס שטעהט געשריבען: מחמת דעם, וואס איך האב נישט קיין צוטרויען צו די וועלכע שטעהען זיך העכער פון מיר און הייסען מיר מאכען פאלשע דאקומענטען, בעט איך, מען זאל מיר אבזאגען פון מיין שטעלע. דער בריף האט געמאכט א שרעקליכען איינדרוק אויף אלע אבגעארדענטע, ב ר י ס א ן, וואס איז געוועזן מיניסטער־פרעזידענט אין יאהר 1898, לאזט זשארען נישט ענדיגען זיינע רייד און דערצעהלט, אז דער דעמאלדיגער קריגס־מיניסטער ק א וו ע נ י א ק האט דעם דאזיגען בריף קיינמאל ניט געוויזען די אנדערע מיניסטארען. קאוועניאק דארף זיך פרייהען, וואס מען האט מוחל געווען אלעמען, וואס האבען עפיס איין אנטייל אין דעם ענין דרייפוס, ווען נישט דאס וואלט מען אויף איהם געמאכט א משפט. דערויף האט קאוועניאק געענטפערט, אז עס איז אמת, אז פ ע ל י ע האט געשריבען דעם בריף, אבער ער האט עס נישט בעקומען. דער לארם אין פארלאמענט ווערד שרעקליך גרויס, זשארע פארלאנגט, מען זאל מארגען ווייטער וועגען דעם ענין פערהאנדלען, דער גאנצער עולם איז זעהר אויפגעבראכט אויף קאוועניאק, אלע גלויבען, אז ער האט דעם בריף פון גענעראל פעליע און האט עס קיינעם נישט געוויזען.

דעם צווייטען טאג האט זשארע ווידער געהאלטען א רעדע וועגען דרייפוסען און בעשולדיגט די רעגירונג, אז זי האט נישט געהאנדעלט ענערגיש בשעת עס איז געוועזן דער משפט אין ר ע ן. זשארע דערמאנט דעם פאלשען דאקומענט, אין וועלכען עס זענען געשטאנען די ווערטער: „קאנאליע ד". דערנאך פארלאנגט ער פון מ י ל ו ו א, וועלכער האט פארזיכערט, אז עס איז דא א בריף פון דייטשען קייזער, ער זאל זאגען ווער האט איהם דעם דאזיגען בריף געגעבען. מילוואַ וויל נישט ענטפערען. דערנאך האט זשארע פארגעלייענט דעם בריף פון פעליע, וואס איז שוין אויבען דערמאנט. קאוועניאק איז זיך מודה, אז ער האט בעקומען דעם בריף פון פעליע, נאר ער האט גערעכענט, אז מן הסתם האט פעליע דערויף חרטה און דעריבער האט ער עס קיינעם נישט געוויזען. זשארע רעדט ווייטער

---

— פון פוטער? — האט זיך אנגערופען איין אלטער און האט זיך שטארק צולאכט.

איך האב תיכף געקלונגען מיט דעם גלעקל און האב איהם אוועקגענומען „דאס ווארט".

„אכס, פערד, אייזעל, חעלימער! האב איך געשריגען, א חוצפא, א העזה! א ודאי בודאי וואלט זיין רעכט, אז מיר זאלען מאכען אלעם אזוי ווי ביי לייטען. אבער בדליכא, מוז מען מאכען פון דעם וואס מיר האבען. „מען מוז זיך שטרעקען נאך די דעקען", זאגט א גלייך ווערטל. קאלט איז; אויוועגס מוז מען מאכען; אנדערע מאטעריאלען האבען מיר נישט; פוטער האבען מיר — היינט איז דאך קלאר, אז מיר מוזען מאכען נאר פון דעם וואס מיר האבען".

א געפולדער, א געשריי, א געלארם. די יונגע לייט זענען אלע פון מיין צד; זיי זאגען, אבי מאכען; דער מענש מוז דאך עפיס טון; ליידיג געהן און גאר נישט טון איז א ודאי נישט רעכט; אזוי וועלען מיר חאטש עפיס האבען געטאן; זאל די וועלט זעהען, אז מיר זענען אויך וואס. די אלטע דאקען זענען אלע געוועזן קעגען מיר. וואס נוצט אונז אל אונזער טון, אז עס האט קיין קיום נישט? וואס נוצט אונז צו מאכען א זאך פון פוטער, אז סוף סוף וועט זי שמעלצען? וואס נוצט עס, אליין זיך צו נארען און צו מיינען, אז מען האט כלומר'שט עפיס געטאן? — די אלטע האבען געטענה'עט, אז פון פראקטיקא ווייסען זיי, אז פוטער שמעלצט, און מסתמא וועלען אויך אויוועגס פון פוטער שמעלצען.

„עס איז דאך אבער קאלט!" האב איך געשריגען".

— פוטער וועט דאך אבער שמעלצען! האבען זיי געשריגען.

אפיקורסים! שקצים! ווילט איהר אבלייקענען? אז עס איז קאלט? ווילט איהר לאזען יודישע קינדער אומקומען?"

— חלילה! האבען זיי געשריגען, אבער ס'טייטש, מאכען פראיעקטען פון פוטער, וואס וועלען סיי ווי סיי שמעלצען?

„חמורים! האב איך געשריגען — אבער קאלט איז? אויוועגס מוזען מיר האבען? האט איהר נאך די העזה צו טענה'ען דאקעגען?"

איך האב שטארק געקלונגען מיט דעם גלאק און האב אנגעהויבען צו רעדען מיט פייער. ערשטענס האב איך בעוויזען, אז עס איז קאלט; צווייטענס אז מיר האבען פוטער; דריטענס, אז דאס מאכען אליין דערווארעמט שוין דעם מענשען; פיערטענס, אז פוטער, ווען זי ווערד געהארטעוועט, קאן זי האבען א קיום; פינפטענס, אז בטחון מוז מען האבען, און עס קאן געמאלט זיין, עס וועט גאר נישט שמעלצען; זעכסטענס, שאדטען קאן עס דאך קיינעם נישט; שוין די הייליגע חכמים האבען געזאגט: אם לא יועיל, לא יזיק...

— בראווא! האבען געשריגען די יונגע לייט.

און פארלאנגט, אז דער פארלאמענט זאל מאכען א חקירה ודרישה וועגען דעם. קאוועניאק פארלאנגט מען זאל איהם לאזען רעדען, די אבגעארדענטע אבער פייפען איהם אויס.

דער אבגעארדענטער לאזי פראטעסטירט דערויף, וואס מען וויל ווידער פון דאס ניי אנהויבען דעם ענין דרייפוס, ער איז זיך משתדל צו בעווייזען, אז די פאלשע טעלעגראמע פון דעם איטאליע־נישען אטאשע פאניזארדי קאן בעטראכט ווערען אלס איין אמת'ע הודאה אויף דרייפוסעס שולד. דער דעפוטאט, וועלכער האט בעטראכט דעם ענין וואס איז שייך צו די וואהלען פון סעוויטא לעגט פאר, אז מען זאל די וואהלען ערקלערען פאר ריכטיגע. דער פארלאמענט האט מיט 281 שטימען געגען 228 דעם פארשלאג נישט אנגענומען. מען לעגט פאר נאך איינינע פארשלעגע און עס ווערד אנגענומען דער פארשלאג, וואס דער ראדיקאל שאפויאי לעגט פאר, אז דער פארלאמענט זאל אויסדריקען דער רעגירונג זיין פער־טרויען און זאל ערקלערען אז דרייפוסעס משפט דארף אין קיין אנדער ארט ווי אין געריכט נישט בעטראכט ווערען.

---

# א צעווארפענער מזבח.

זכרונות פון א גביר'יש קינד,

יענעם ווינטער האב איך כמעט אינגאנצען פארבראכט אויפ'ן קראנקען בעטל. איידער איך בין פון איין קרענק ארויס, בין איך אין דער צווייטער אריין. „לעגען — האט מיין מאמע אויף מיר אבגע־שאקעלט מיט'ן קאפ — לעגט מען זיך גרינג; אויפשטעהן, שטעהט מען שווער אויף“.

אנגעהויבען האט זיך עס פון א פיש־ביינדל פרייטאג־צו־נאכטס ביים טיש, אייגענטליך האב איך קיין ביינדל אין האלז ניט איינגע־שלונגען; איך האב גאר געקייעט רויג פון פיש, און האב זיך דער־וויל פארטראכט אויף די בענשליכט. צו טראכטען האב איך פון קינד־וויז אן א חולשה. אפט־מאל פלעג איך אויסשטארצען אפאר אויגען און פארטיעפען זיך אין געדאנקען. מעהר ווי אלדינגס פלעגען מיך פארנעמען פרייטאג־צו־נאכטס מיין מאמעס בענשליכט. איך פלעג גלויבען, אז זייערע פלאמען שאקלען זיך מיט „כונה“; פארפיהרען עפיס א „שטיק“ מיט די אונרוהיגע שאטענס אויף די ווענט; און עס האט זיך מיר רק געוואלט דערגעהן דעם סוד, וואס מיינען זיי מיט זייער ווינקען, און וואס שרעקען זיך אזוי די שאטענס פאר די בענשליכט...

און דעמאלט האט איהר געקאנט רעדען צו מיר, און איך זאל גיט הערען: נאר מיין טאטענס א פאטש, פאר וואס איך זינג קיין זמירות ניט, האט מיך געקאנט ארויסרופען צו זיך.

א זאכץ פון א מוטער איז אבער נאך שטארקער פונ'ם טאטענס א פאטש:

— וויסט איז מיר! ער ווארגט זיך מיט א ביינדל!

איך האב זיך דערשראקען. אז די מאמע זאגט, איך ווארג זיך, מסתם ווייסט זי! און אז מע ווארגט זיך — קאן מען דאך דער־ווארגען ווערען!

און די מאמע פרעגט מיך, אויב עס שטעכט מיך ניט אין האלז. איך הער זיך צו. עס דאכט זיך עפיס ווי יא, אז ס'שטעכט מיך ניט האב איך געוויס ניט געקאנט זאגען.

מע האט זיך גענומען קלאפען אין האלזענגאקען גאר אהן רחמנות. איך האב אנגעהויבען דערפיהלען. מע האט מיך געחאפט און אוועקגעטראגען צום רופא, א נאהנטער שכן. יענער האט מיר אריינגעשטיפט א חלב'ן ליכט אין האלז אריין, און האט געזאגט, אז ס'שטעכט מיך שוין ניט.

דאך בין איך די נאכט איבערגעשלאפען אונרוהיג. אלע מאל האב איך זיך אויפגעחאפט: „גוואלד, מע ווארגט מיך! גוואלד א פיש וויל מיך איינשלינגען!“

א גאנצע וואך האט מיך די מאמע ניט געלאזט געהן אין חדר.

---

די אלטע לייט האבען אראבגעלאזט די קעפ.

פארשטעהט זיך פון זעלבסט, אז מיין פראיעקט איז אנגענומען געווארען.

וואס זאל איך אייך מאריך זיין? — די יונגע לייט האבען זיך גענו־מען צו דער ארבייט. מען האט געארבייט טאג און נאכט. עס זענען פארטיג געווארען די אויוועגס פון פוטער.

צום סוף מוז איך אייך נאך דערצעהלען א קליינעם קוריאז; עס איז כמעט נישט כדאי דאפון צו רעדען. ווי די אויוועגס זענען פאר־טיג געווארען און מען האט אנגעהויבען צו הייצען, האבען זיי כלומר'שט אנגעהויבען ביסלעכווייז צו שמעלצען...

אבער מיר ביי זיך ווייסען. אז מיר האבען יוצא געווען. מיר האבען געטאן אלעס וואס איז געווען אין אונזער יכולת.

אגב האבען מיר אויך אויסגעשריבען עטליכע בעריהמטע אר־כיטעקטען. זיי זאלען אריינקלערען אין די זאך און אונז זאגען די סבה פון דעם שטיקל אומגליק, פאר וואס אלעס ביי אונז שמעלצט און האט קיין קיום נישט.

א סבה מוז דאך זיין!

איינער, א גרויסער געלערענטער, שרייבט שוין יעצט א גרויסען ספר, צו בעווייזען די אמת'ע אורזאך.

די אלטע מיט דער פראקטיקא זאגען אפילו: וואס הייסט איין אורזאך? מיר האבען עס דאך באלד פון אנפאנג אייך געזאגט, אז אזוי וועט דער סוף זיין; ווען מען מאכט עפיס פון פוטער מוז עס שמעלצען, דאס אומגליק פון יודען איז, אז זיי מאכען אלעס פון פוטער. אלע פראיעקטען, אלע אונטערנעהמונגען זענען ביי זיי פוטער. זיי בויען זייערע קהלות פון פוטער, זיי מאכען שולען פון פוטער, זיי פרעגלען זייער לעבען פון פוטער. אלעס, אלעס איז פוטער. מען מאכט אלעס אבי יוצא זיין, אבי זיך איינצורעדען, אז מען טוט עפיס. ויאכל: — זאגט רש"י, זיי האבען זיך געמאכט עסען. ביי אונז מאכט מען זיך עסען; מען מאכט מיט די ליפען און מען נארט זיך אב, אז מען עסט. קאן מען פון אזאלכעס זאט ווערען?...

איך אבער טענה'ע: נארישע יודען! אומגליקליכע יודען! ווילט איהר נישט פארשטעהן, אז עס איז פארט קאלט?

אוי, ווי איז מיר קאלט!...

דוד פרישמאנן.



אויף דער צווייטער וואך בין איך טאקי איינגעפאלען; און, ניט אויס־געהיילט פון איינעם, בין איך אריין אין אנדערען: דא איין אויער, דא איין אויג. אויף „סקארלאטינע" האב איך געהאט א זכות דורך א האלב טיצל ברידערלעך מיט שוועסטערלעך, וואס האבען זיך דערמיט איבערגעליפערט אויף דער אמת'ער וועלט; „זאלאטוכע" האט מיר געקעהרט בירושה: אנגרייטיג צו חאפען א לופט איז שוין געוועזען מיינס איין אייגענס.

איך האב געקרענקט פריהער — וואכען, און נאכדעם — חדשים. קיין שום זאך האט מיך ניט געקאנט ארויסרופען פון'ם בעט: ניט יוסף מיט די ברידער מיט דער שיינער אסנת, ניט פרעה'ס וואנעס פון קינדעריש בלוט, ניט די ליכטיגע געסלעך אין גשן, וואס איז געפאלען אין איין צייט מיט'ן חשך פון מצרים; איך האב פארשטאנען, אז מיינע חברים האלטען שוין ווייט. דאס ארגסטע שוין איבערגעקומען; שוין אפשר נאכ'ן מן און שלו. מע קעהר שוין צושניידען די בגדי כהונה. נאר איך ליג אין בעט און קרעכץ — גלאט אזוי, אויסענוועניג.

ניט דאקטוירים, ניט דאס חומש'ל פון חדר האבען מיך אויף די פיס געשטעלט: א גרוס פון א פריהען פריהלינג, א שטראהל פון א ווארעמער אדר־זון, האט זיך אריי׳נגע׳גנב׳עט צו מיר אין בעטל, און פון'ם בעטל — אין הארץ אריין, און פון דארט איז ער זיך צעגאנגען אין אלע אברים. עס איז מיר פארגאנגען דער ריח פון פרישע הייסע מצות.

איך האב דערפיהלט מיט אמאל, אז די זייטען טוען מיר שוין וועה ליגענדיג; און פלוצלינג האב איך אויפגעהערט גלויבען, אז איך בין קראנק.

מיין מאמע האט פארגלייזט די אויגען צום הימעל, אהן ווערטער, מיט הויהל הארץ גאט ברוך הוא א שבח האט זי אבגעגעבען.

און איך?... א שפוגעל-נייע וועלט זעה איך פאר מיר! טאקי די אייגענע מענשען, נאר עפים ווי נייע פנים ער האט עס אויף זיך איבערגעצויגען. קליינע זענען גרעסער געווארען; גרויסע ווייזען אויס עלטער. ביים רבי'ן אויפ'ן שטערען זענען צוגעקומען אפאר קנייטשען. מרדכי דער לאנגער — דער אלטער שוחט און שטאדט־חזן, צו וועלכען קינדער פלעגען דארפען פאררייסען די קעפ, איז אויך ווייכער געווארען און בייגט זיך צו די קליינע. מע קאן איהם שוין גלייך אנקוקען... ערשט עטליכע חדשים — און ווי ווייט עס איז אנדערש געווארען!

און איטליכער, דאכט זיך, פרייט זיך מיט מיר! און א לויטערער הימעל, און כמעט איין אויסגעטרוקענטע ערד! און וואס פאר זיסע אבענדען! וואס פאר ליכטיגע שטערענדלעך! מיר האט געדאכט, זיי ווינקען צו מיר: „א יא, קליינער, מע האט דיך נאר אביסל געוואלט איבערשרעקען! מקים פסק זיין? זאל א יונגעלע וויסען, אז אין חדר איז בעסער, איידער קרענקען א גאנצען ווינטער אין בעט!"

און מיין קינדעריש הערצל האט זיך פארוואלט אויפשטעלען א מזבח און ברענגען א קרבן צו גאט, וואס האט מיך אויף די פיס געשטעלט.

אט א שטייגער גאנץ תהלים אבזאגען וואלט ניט שלעכט געוועזען, ווען איך זאל ניט אזוי פיינד האבען „זאגעכטס" נאך פון קינדדווייז אן!

א תענית־פאסטען — וועט מיך די מאמע ניט לאזען.

א נדבה געבען — איז'ס דאך ניט מיינס! דעם טאטענס געלד! איך וויל א מזבח מיט א קרבן אויף מיין חשבון.

און עס פאלט מיר איין א כשר'ער געדאנק: ס'געהט פורים, כ'ל אום געהן נאך א נדבה! איין ארימאן וועט מיר מסתם גאט באשערען.

איך זאג דער מאמען מיין פלאן; זי טראכט אביסל איבער און טוט א שמעק צו דער לופט. צו מיין גליק איז אין דרויסען געוועזען א ליבע ווארעם, א ריינער הימעל און כמעט א טרוקענע ערד! „עס זאל נאר זיין [צו גוטען", האט זיך איטליכער פארוואונדערט אויף אזא פריהעם פריהלינג און ניט פארגינען זיך הנאה האבען פון איהם אהן איבערטראכט.

אבגעזוכט מיר א חבר, פארבונדען דאס העלזל מיט צווייי ווארעמע שאליכער, און ארויפגעצויגען אויף מיר די שבת'דיגע הלבשה, האט זי מיר געגעבען א גרויסע פאטשיילע מיט אביסל מינץ אויף ארויס צו געבען, און געמאכט אויסענווייניג א צעטל פון'ם ביסל נבירים אין שטעדטל, וואוהין מיר דארפען אריינגעהן. „מעהר זאגט זי מיר אן, זאלסטו ניט געהן! איין עושר וועט דיר צאהלען פאר צעהן ארימע לייט".

און מיר צווייי קליינע בני יעקב'לעך מיט אויסגעקרייזעלטע פאה'קעלעך, אונטער קליינע קאשקעטלעך מיט גרויסע דאשעקעס, אין לאנגע יודישע קאפאטקעלעך, מיט א פאטשיילע אין דער האנט, האבען זיך געלאזט איבער דער גאס, עוסק זיין אין א מצוה און בעטען א נדבה.

איינגענטליך גערעדט, בין איך נאר געגאנגען. איך בין דער עיקר געוועזען. מיין חבר איז געוועזען א יונגעל פון א טאטען, וואס פלעגט מיין טאטען צאהלען איין עיסקא. מען האט איהם מיר צו־געשטעלט נאר דערפאר, ווייל איינער אליין פאסט ניט. די פאטשיילע האב איך געטראגען, נדבות האב איך געדארפט נעמען. ער האט נאר געדארפט רעדען פאר מיר, ווייל איך בין געוועזען א שעמעוודיגער, און ביים ארויסגעבען האט ער געדארפט אכטינג געבען, ווייל ער איז געוועזען א שטיק בעל־חשבון. אזוי אז אהן איהם בין איך געוועזען „גאר ניט"; מיט איהם בין איך אליין געוועזען „צוויי".

דאס ערשטע הויז, וואוהין מיר זענען אריינגעגאנגען איז געוועזען צו ר' ניסלען, מיין טאטענס א „צענויפגעלעגטער", א שטאדט־בורר, א קאפ־דרעהער, א שטיק עושר און, מיינע רעד זאלען איהם ניט צו שווער זיין, א שטשעטינידעגער.

ער האט מיר דאס ערשטע — אויס ליבשאפט געוואהנליך — א קניפ געטאן אין דער באק, אזוי, אז ס'האט מיך ביים הארץ פארקלעמט. איך האב געוואלט וויינען, נאר אויס דרך־ארץ האב איך זיך צעלאכט.

נאכדעם האט ער זיך גענומען בייטען ביי מיר, גענומען — געגעבען, געגעבען — גענומען, ביז ער איז ארויס מיט מיר קוויט. מיר האט ער דעם קאפ פארדרעהט; עס האט זיך מיר געוויזען, איך בין

נתעשר געווארען נעבען איהם. נאר מיין חבר האט זיך ניט געלאזט: ר׳ ניסל, זאגט ער, איהר האט ביי אונז אויסגעביטען הארטס אויף מינץ. געגעבען האט איהר גאר ניט!"

דער קליינער איז ר׳ ניסלען געפעלען און אוים צופרידענהייט האט ער איהם גענומען פאר׳ן אויער: „איי, דו שקוץ איינער!"

א פנים, ס׳האט איהם אויף פארקלעמט ביים הארץ. נאר מיין חבר׳ס טבע איז ניט געווען צו טון אנדערש ווי עס וויל זיך איהם. ער האט זיך אויסגעריסען, ארויס פון דער שטוב; אויף דער שוועל האט ער זיך אבגעשטעלט:

„ניסעלע גנב! א רוח אין דיין טאטענס טאטען!" און — ארוים אונטער גאטס הימעל.

איך האב זיך פאר בושה קוים ארויסגעקאטשעט, אנגעיאגט מיין חבר, און האב געוואלט ארויפווארפען זיך אויף איהם מיט א ירגזון: ס׳טייטש, ווי האט מען אזא עזות יענעם אין די אויגען גאנצען אויסזאגען!

נאר אז כ׳האב דערזעהען — טרערען רינען פון די אויגען, האב איך אויף איהם רחמנות בעקומען.

פון דארט האבען מיר געמאכט א שפרונג א קעגען איבער א צעהן שטיבער צו ר׳ הירצעל באקאלעניק.

און ווידער א קניפ אין באק, און ווייטער א ריס פאר׳ן אויער, און יענער לעגט אונז גאר פאר׳ א פלאן, צו קויפען ביי איהם שאקא־לאדלעך.

— א נו ווייזט א הער אייערע שאקאלאדלעך, כראברעט זיך מיין חבר, וועמיר זיי פארזוכען.

— גיט זשע א הער דאס געלד!

— ניין, פריהער שאקאלאדלעך!

— ע, איהר ווילט אונז אנזעצען, מיש איך זיך אריין מיט א חכמה.

ר׳ הירצעל ווערד פלוצלינג בלייך; דאס ווייב—פלוצלינג רויט; זיי קוקען ביידע אויף דער סטעליע. די משרתים הייבען אן ניסען און רעדען הויך איינער פאר׳ן אנדערען גלייך זיי דארפען עפים פארשרייען...

מיין חבר טוט מיך א ציה פאר א פאלע. „קום ארוים", רוימט ער מיר איין.

אויף דער גאס איז ער אויף מיר ארויף מיט א ירגזון: ווי דער־נעמט זיך אזא הארץ, יענעם אזוי דאס בלוט פארגיסען?

האב — א ווסיאך דען געזאגט? ערשטוין איך.

— ס׳טייטש, האסט געזאגט — „אנזעצען"!

— נו?

— ווייסט ניט, אז ער האלט דערביי?

— ניין!

— א הצלחה פון א גביר׳יש קינד: נישט געוואוסט, אהן כונה, אהן שכל—און האט מזל צו טרעפען!"

מיר האבען באלד דורך געמאכט אלע גביר׳ישע הייזער. דא גע־חאפט א קניפ, דארט א דרעה פאר׳ן אויער, ביי יענעם געביטען מינץ אויף הארטס—עס האט זיך צענויף געשלאגען איין הארטער פיערציגער און—סטאפ! ניטא וואוהין צו געהן!

„שא, צום דאקטאר לאמיר זיך אריין חאפען!"

איז אונז א קעגען געגאנגען א שפחה־כנענית, און עפים גע־שפראכען אויף יוניש האט זי אונז געעפענט די טיר.

ביי מאיר בעל־טקסא איז דער טויער פארמאכט, און פארענט ארום געהט מען ניט.

ביי שלמה טוחן איז א חסרון וואס דער טויער איז אפען: פאלען אן די הונט אויף יעדען פרעמדען!

ר׳ ברוכ׳ל דער רב האט אונז געזאגט א ביסל מוסר: יונגלעך האבען נאך קיין עבירות ניט. דארפען זיי קיין מצות ניט! יונגלעך דארפען נאר לערנען תורה לשמה!

— נישטא שוין וואוהין צו געהן, זאג איך מיין חבר פארצווייפעלט און געמאכט האמיר כמעט גאר ניט!

— ס׳איז דורך דיר!

— פאר וואס?

— פשוט: איין עושר׳ס א קינד, דערצו—א בעל עיסקא, א קליינע נדבה פאסט ניט, א גרויסע — וויל זיך ניט. אט קנייפט מען פאר ליב־שאפט, און יוצא.

— ניין, רייץ איך מיין חבר: ס׳איז דורך דיר; ביזט א קבצן; מ׳איז דיך חושד, וועסט קויפען שאקאלאדלעך.

— נו, און אז דו וועסט אוועק געבען די נדבות איין אבגעקו־מענעם עושר—וועלען זיך די מיידלעך קויפען פודער! וואו זשע שטעהט ערגיץ געשריבען, אז זיי דארפען גיכער פודער, ווי איך—שאקאלאדלעך?

צו אלט געווען מיין חבר פאר מיר מיט זיינע שאלות און אנ־מערקונגען. איך האב דערויף ניט מעהר געקאנט ווי שווייגען.

אט, זאגט מיין חבר, פאלג מיך: לאמיר זיך אראב חאפען אין יענעם געסל!

— דארט זיצען דאך ארעמע לייט!

— נו, איז גוט, וואס קיין טויערען זענען דארט ניט פארמאכט, קיין הונט פאלען ניט אן, קיין שפחות לויפען דארט ניט א קעגען מוסר זאגט מען דארט ניט, און בכלל זענען ארימע לייט ניט אזוי גע־צעהלט און געמאסטען ווי גבירים; קיין עין־הרע, פאראנען א סך!

— לאמיר זשע האקען דעם וועג דורך די קלויזען.

— ארום די קלויזען איז זומפען. אלטע יודען זינקען דארט אפט קליינע קאנען בלייבען פארשטעקט.

— נישט קשה; איך געה דאך אין קאלאשען.

מיין חבר האט געווארפען איין אויג אויף מיינע גלאנציגע קא־לאשען, אויף זיינע לעכעריגע שטיוועל און א לאך געטאן, טאקי ממש מעשה קבצן. א גביר׳יש קינד לאכט ניט אזוי ווילד.

ניט געענפערט גארניט, האט ער זיך גענומען געהן דורך איין אנדערען וועג, און איך האב זיך איהם געמוזט נאך שלעפען.

גערעכט געווען מיין חבר: אראבגעלאזט זיך אין יענעם געסל. זענען מיר אין ערשטען הויז אריין געגאנגען דורך א הינקענדיגען טויער, וועלכער קאן זיך ניט פארמאכען. די פעדער טיר איז אבגעשפארט, וויל עס פעהלט ביי איהר א קליאמקע. פון דעם טויער עפענט זיך רעכטס א טיר, דארט וואהנט א יוד, לינקס א טיר — א בעזונדערער יוד, א קעגען א טיר—א גאנץ בעזונדערע טאטע־מאמע מיט קינדער, פון דער זייט דריי טרעפ אראב וואהנט א וואסער פיהרער, אויפ׳ן הויף

שפיעלען זיך קינדערלעך, וואס קערען צו יענעם הויז א קעגען אלי'ן טאקי אין דעם הויף.

אט, ווען אלע מענשען וואהנען אזוי, וואלט מען פארשפארט „אומגעהן" נאך נדבות, ס'וואלט געווען צו דער האנט!

נאר געמאכט האמיר דארט גאר ניט: אומעטום האט מען זיך געהייסען ארויסגעבען, און מיר האבען נאר הארטס. ערשט דעמאלט האב איך געפיהלט דעם גרויסען שאדען, וואס ר' ניסל מאכט אן...

ארויסגעגאנגען פון דארט, זענען מיר אריין אין א שטובל, וואס שטעהט זיך צווישען שטובער, נאר פארט בעזונדער: די טיר עפענט זיך דארט, ווי איטליכען אויף להכעיס—פון דער זייט; טאקי גרויסע פענסטערלעך, נאר זיי קוקען ניט אין דער שורה־גאס, גלייך עס וואלט זאגען אט דאס שטיבל: איך שער זיך ניט אין קיינעם! איך דארף נאר ערד אונטער מיר און הימעל איבער מיר".

דארט האמיר געטראפען איין אבגעוואשענעם שוסטער מיט א פארפוצטע שוסטערקע מיט א שטוב יום־טוב'דיגע קינדערלעך, וועלכע זענען געשטאנען ארום א פארשפרייטען טיש און נהנה געווען פון די פלעדלעך מיט'ן קוק.

דערזעהענדיג אונז, האבען זיי אבגעלאזט די פלעדלעך און גענומען זיך אונז אויפנאשען מיט די אויגען. זיי האבען, ווייזט אויס, מיך שטא־ק מקנא געווען, וואס איך בין א גביר'יש קינד, און מעג אומגעהן נאך א נדבה.

די שוסטערקע האט זיך פארגעחאפט, בעצויגען דאס שפרעטל איבער'ן שוסטערישען ווארשטאט, עס זאל זיך ניט ארויסזעהען; ארויס־געריסען די אהל ביים „ליינעם" פון די הענט, און איהם געגעבען בחלוף א קנים בסוד. זי האט אין פורים חאטש ניט געוואלט זיין קיין שוסטערקע. זאל זיך ניט ארויסזעהען א זכר פון „שוסטער"! איבער־געווינקען זיך מיט'ן מאן און קוקענדיג אויף מיינע גלאנציגע קאלא־שען, האט זי ארויסגענומען הארטע דריי קאפיקעס און געגעבען.

ארויסגעגאנגען פון דארט איז אונז נאך געלאפען ארקע, דעם שוסטערס א יונגל, מיינער א חבר אין חדר. זיין פאטער פלעגט זיך תמיד מיט איהם שטיפען צווישען גביר'יישע קינדער. עולם שוסטערס פלעגען עס איהם רעכענען מעשה דל־גאה; נאר ער האט געהאט זיין טעם: גבירים, פלעגט ער זאגען, זענען ניט חשוד חס ושלום אוועק צו צאהלען געלד אומזוסט ובפרט שכר למוד! גבירים ווידער פלעגען זיך מיט איהם ניט ווארפען, ווייל אז ס'האט ניט געסטייעט דעם מלמד א האלבער חודש קעסט, פלעגט איהם דער שוסטער מיט א „בקיצור מילא" אויף זיך אויסטראגען, און דאס אין א גביריש הויז מאכט א סך אויס.

מיין ארקע דערצעהלט מיר חאפענדיג, אז ער איז אויך א גאנ־צען ווינטער אין חדר ניט געגאנגען, ווייל דער פאטער האט געקרענקט. ער קרענקט נאך איצט אויך. דער רבי האט דערקוטשעט שכר למוד, די רביצין נאך מעהר; די קוה איז איהר געפגר'ט—איז פון דעמאלט טויזענט רוחות אריין אין איהר, זי רייסט זיך ניט נאר אויפ'ן רבי'ן, נאר אפילו אויף די תלמידים. הכלל איך בין געבליבען זיצען אין דערהיים.

ניט דער רבי'צינס קוה, ניט זיינע מעשיות זענען מ ר אין קאפ געקראכען; איך בין געווען טרוד אין דער מצוה; נאר ביים אוועקגעהן האט ער ארויסגענומען א קאפעקע, איינגעוויקעלט אין פאפיערען ווי א הייפטעל קרויט, פארזיכטיג אויפגעוויקעלט, און אריין געווארפען אין פאטשיילע. „ס'איז מיין אייגענע, זאגט ער: די מאמע האט מיך מקים פסק געווען, און נאכדעם האט זי מיך מיט דער קאפיקע איבערגעבעטען"!

די קאפיקע איז מיר גוט צו נוץ געקומען: פון דער קאפיקע איז אין צווייטען הויז געווארען צוויי; אין דריטען—דריי און זא ווייטער, ביז ס'איז געווארען פינף און זעכציג קאפיקעס.

מיר איז איינגעפאלען, איך זאל אראבגעבען מיין חבר פון דא־נען סינף קאפיקעס אויף שאקאלאדלעך, און ער זאל זיך געהן. די מצוה זאל אין גאנצען בלייבען מיינע.

נאר מיין חבר האט אויף מיר אויפגעשטעלט א פאר אויגען גלייך ער וויל מיך אויפפרעסען.

פע, ס'א סקוטשנע, ווילדער יונג געווען! פון דעמאלט אן האב איך איהם פיינד באקומען. ניט אזוי פיינד, ווי גלאט מורא פאר איהם.

אהיים געקומען און אויסגעשיט מיין פאטשיילע. נאר דער טאטע מאכט מיט דער נאז: „סך־הכל?! כ'האב געמיינט חאטש פיער פינף רובל! וואלט געוועזען אברהם בער דעם יורד אויף פסח; אז אבער אזוי, איז גלייך ווי גאר נישט!

מיין טאטע האט מיר צעווארפען מיין מזבח, און א מום גע־מאכט אין מיין קרבן, איך בין ביי זיך אראב געפאלען.

נאר די מאמע טרייסט מיך: נישט קשה! נאך פסח דארף ר' אברהם בער דירה־געלד צאהלען. מע וועט איהם מוזען עפיס מאכען, וועלען שוין דיינע קאפיקעס אויך אריין.

איך בין אונצופרידען געבליבען. איך האב געוואלט איין איי־גענעם, ניט קיין שותפות'דיגען מזבח. — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ערב פסח פאר נאכט, אנגעטאן פון קאפ ביז פוס אין שפוגעל נייעם — בין אין געגאנגען מיט מיין טאטען אין קלויז אריין. איינגע־טליך גערעט, זענען מיר ניט געגאנגען: אז ניט געפלויגען — זענען מיר, געשוואומען. יא, געשוואומען א ודאי! די נייע זעקעלעך מיט נייע גרינגע שטיוועלעך האבען אזוי ארום גענומען מיינע פיסלעך, אזוי אנגעלעגט זיך געלאזט הערען, אז די ערד אונטער די פוס האט זיך ניט געפיהלט.

דאס גאנצע אנטועכטס אויף מיר איז אזוי לייכט, אזוי אויפ'ן ארט, אזוי חשוב, אז עס פיהלט זיך כמעט ניט. איך האלט זיך אין טאטענס האנט; א לייכט ווינטעלע בלאזט אויף די פאלעס פון זיין ראזאוואולקע. איך געה ניט, מיר שווימען, מיר שווימען נאכן וואסער, אז ניט, געהט אונז די קלויז א קעגען.

אזוי „געהן" — וואלט איך דאכט זיך אייביג ניט מיד געווארען.

אין קלויז האב איך געפונען סאמע יום־טוב דיגע, אויסגעבער־שטע, איבערגעניצעוועטע, ריינע יודען, איין איבערגעניצעוועטע, ריינע קלויז; אפילו א פרכת א נייעס, אלעם פריידט זיך, שמייכעלט אויפ־געלעגט, ניט נאר ווי „פרייע", נאר ווי „בעפרייטע". איך פיהל זיך איבערגליקליך. מיר איז ענג געווארען די קלויז. אוועק געפאקט זיך פונם טאטען, וועלכער האט, ווייזט אויס, אין אזא יום־טוב'דיגער מינוט

אויך זיך אליין דערפיהלט, אונ האט געקאנט פארגעסען אין מיר. איך בין ארוים אין שוהל־הויף.

איך טרעף דארט מיין חבר פון חדר: ארקע, אנגעטון וואכענדיג, שטעהט אין א ווינקעל אונ שווייגט.

— דיר האט מען ניט געמאכט קיין נייעס אויף יום־טוב?

— יא געמאכט, נאר ניט אויסגעלעזט.

— פאר וואס ניט אויסגעלעזט?

— עס האט ניט געסטייעט דער ממון פינף אונ זעכציג קאפי־קעס זויץ שניידער־געלד. דאס שניידער־געלד האט דער שניידער שוין געוואלט לאזען אויף נאך פסח, נאר פאר דער סחורה. דער שניט־קרעמער האט באפוילען, מע זאל ניט ארויסגעבען.

דערהערט א זעלכעס, איז מיר אריין א פונק אין קאפ: פונקט פינף אונ זעכציג! אזוי פיעל, וויפיעל איך האב געמאכט! ביי מיר איז קיין ספק ניט געווען, אז דאס האט גאט צו ליב מיר געטאן; ער ווייזט מיר א מזבח מיט א קרבן! גאט ווייסט דאך, איך וויל איהם דאנקען! ער האט אומיסטען דעם שוסטער קראנק געמאכט! אלעס איז מיט השגחה! פונקט פינף אונ זעכציג!

איך בין מיט א פלאטערנדיג הארץ אריין צום טאטען; אונ איהם מטריח געווען, ער זאל אנבייגען דעם אויער צו מיר. איך זאג איהם מיין פלאן.

מיין טאטע קנייטשט זיך, נעמט ארוים דעם גאלדענעם זייגער: „ס'איז שוין שפעטליך. אונ דער עיקר: אין משנין מצדקה לצדקה!"

— וואס הייסט?

— ווייסט ניט וואס הייסט?! „אין" — מע טאר ניט, „משנין" — משנה זיין; „מצדקה" — פון איין צדקה; „לצדקה" צו איין אנדערער צדקה — פארשטעהסט?"

איך האב געחאפט אונ געזאגט: כ'פארשטעה, פאר מורא, ער זאל זיך פלוצלינג ניט נעמען צו מיר: „קאסט מיך אזוי פיעל בלוט, אונ ס'קומט צו עפ'ס פארשטעהסטו גאר ניט — א פראסטער הדיוט!"

נאר אז איך בין ארויסגעגאנגען אונ ווידער דערזעהען מיין פארשעמטען חבר, האב איך זיך ניט געקאנט קיין ארט געפינען. מיר האט זיך אויסגעוויזען: גאט טענה'ט מיט מיר: אזוי פיעל מיה! מענשען קראנק געמאכט, געזונט געמאכט! צונויפגעפיהרט! א קאפיקע אונטערגעווארפען! אונ פונקט ווען מע דארף, ביסטו נישטא!"

איך בין נאך א מאל אריין צום טאטען.

נאר מיין טאטע האט געהאלטען אין מיטען קרבן פסח.

יהודה שטיינבערג.

# די מלכה שבת.

(פריי איבערזעצט פון היינע).

אין דעם אלטען מעשה-ביכל,
וואס הייסט „טויזענד אונ איין נאכט",
האב איך מעשות פיעל געלייענט,
מעשות שענע, מעשות פראכט.

מעשה-נורא'ם! ווי מכשפים
האבען דארט א שענעם פרינץ
אין א חיה גאר פערוואנדעלט
מיט א שפרוך אונ מיט א קונץ.

אונ צו צייטען פלעגט זיך טרעפען,
פלעגט די חיה פונ'ם וואלד
ווידער ווערען א בן-מלך
אין זיין פריהריגע געשטאלט,

אויסגעפוצט אין שענע קליידער,
ווי עס פאסט דעם מלכ'ס זוהן,
פלעגט ער ש־ילען, פ־עגט ער זינגען
אונ תענוגים זיך אנטון...

נאר עס לויפט די שעה די בייזע
פון דעם כשוף אן גאנץ שנעל.
אוים בן-מלך! ווידער חיה,
ווידער שטעקט ער אין דער פעל.

כ'האב א פרינץ געקענט אזוינעם,
האט געהייסען רב ישראל;
איהם האט אין א הונט פערוואנדעלט
א מכשף גאר א מאל.

הונט... מיט הונטעשע געדאנקען...
אלע זעכס טעג פון דער וואך
איז ער פול אין אלע מיסטען,
וואו א בלאטע, וואו א לאך.

קומט דער שבת קודש אבער
אונ די ליכט נאר אבגעבענשט,
האט דער כשוף מעהר קיין שליטה...
אונ דער הונט ווערד ווידער מענש.

מענשליך, העכער ווערד דער קאפ איהם
אונ דאס הארץ ווערד פול געפיהל,
ווען ער טוט אן בגדי-שבת
אונ ער געהט זיך שטיל אין שוהל.

„זייט געגריסט געצעלטען יעקב'ס!
דיינע וואהנונגען, ישראל! —
פריד צו דיר, מיין טאטענס פאלאץ!
דיינע טירען קישט מיין מויל..."

שטיל איז דארט אין מקום-קדוש
אונ אין שטילקייט עפיס לעבט.
דארטען סוד'ען זיך מלאכים
אונ די שכינה, דאכט זיך, שוועבט...

שטיל אונ הייליג! נאר דער שמש,
גאטס באדיענטער אין דער שוהל,
רעש'ט זיך פרייהליך אונ ער צינדט אן
ליכט אונ לאמפען העלע פיעל.

שבת ליכט אונ שבת לאמפען!
אי ווי זים איז אייער שיין!
וויפיעל ברענגט איהר טרייסט דעם יודען
אין זיין עלענד, אין זיין פיין!

אויף דעם עמוד ברענען ליכטיג
אונ בעלייכטען דאס געזיכט
אונ עס פלאקערען מיט גדלות
שענע, גרויסע וואכסענע ליכט.

אונ בעלייכטען דאס פרוכת:
סאמעט, גאלד אונ עדעלשטיין,
וואס פארהענגט די זיסע תורה
אין דעם ארון-קודש שען.

אונ עס שטעהט שוין גרייט דער חזן,
ס'איז א יודל דאר אונ קליין.
ענג געגארטעלט די קאפאטע
מיט א טלית'ל גאנץ ריין.

מיט'ן ווייסען הענטל זיינעם
האלט ער אונטער פעסט דעם קאפ.
ביי די שלעפען ליגט איין פינגער
אונ דער צווייטער קוועטשט דעם קנאפ.

אונ ער גארגעלט זיך בנעימות;
אונ ער קאטשעט זיך גאנץ שטיל
פלוצים ווערד דאס קול איהם שטארקער
באלד פארהיגכט עם די שוהל:

„לְכָה דוֹדִי לִקְרַאת כַּלָּה!
קום נאר חתנ'דל אהער;
אויף דיר ווארט שוין דא דיין כלה,
זי האט אויסגעטאן דעם שלייער.“

רַבִּי שלמה אלקביצי *),
דער בארימטער וועלט-פאעט,
צו די גרויסארטיגע תנאים
האט געזונגען דעם קופלעט.

צו די תנאים פון דעם פרינצען
מיט דעם שטילען פירשטען-קינד,
וואס זי הייסט פרינצעסין שבת
און איז ליכטיג און געזונד.

ליכטיג, ווי די שענע פערעל,
ווי די בלומען פריש, געזונד.
איהר אין שענקייט קאן ניט גלייכען
אויף דער וועלט קיין מענשען-קינד.

שלמה האט געהאט פיעל ווייבער,
אלע — יונג און אלע — שען,
פון די פיעלע איז ניט איינע
ווי די מלכה שבא געוועזן.

נאר פון שבת — איז די מלכה
שבא ניט שענער, מיט איהר פראכט —
מיט די אלע שענע מאדעס,
וואס די וועלט האט אויסגעטראכט...

אונזער מלכה איז א צנועה:
זי בעהאלט איהר שענעם צאפ
אין א גרויסען, ווייסען טשופיק,
וואס פארדעקט איהר גאנצען קאפ.

איהרע אויגען קוקען שטענדיג
אלץ אראב און פול מיט חן...
ווי א הויכער שענער הדם
איז די מלכה שבת שען.

זי פארווערט דעם חתן גאר ניט;
איין זאך אבער האט זי פיינט.

---

*) ביי היינע איז על פי טעות געשריבען, אז דער שיר „לכה דודי“ איז פון ר' יהודה בן הלוי. (די רעד.)

און זי בעט איהם מיט א חנ'דל:
— נאר ניט רויכער, ליבער, היינט!..

היינט איז שבת... און מע טאר ניט...
נעם נאר בעסער און געניס
פון דעם גוטען פעטען טשאלענט!..
טשאלענט איז דאך צוקער זיס.

וועסט דאך לעקען גאר די פינגער
פון די טעמים וואס ער האט.
אלע טעמים פון גן-עדן —
זעלבסט געסארווערט האט איהם גאט.

ער האט משה'ן אויסגעלערנט
מאכען קוגלען אלערליי,
און דעם סוד פון טשאלענט-ריקען
האט ער איהם ענטדעקט דערביי.

אויף דעם סיני, וואו געגעבען
האט ער זיינע צעהן געבאט,
האט אין טשאלענט ניט פארגעסען
אונזער גרויסער, ליבער גאט.

טשאלענט עסען אין גן-עדן
די צדיקים מיט אפעטיט
און מאכלים פון מלכים
גלייכען דאך דעם טשאלענט ניט...

---

קוים האט נאר פארזוכט דאס מאכל
אונזער שענער מלך-זוהן,
גלאנצען, בלישטשען איהם די אויגען
און די שענע בעקלעך בליה'ן

און ער האט זיך באלד צעקנעפעלט
און צופרידען זיך פארקלערט...
זיינע ליפען שמייכלען גליקליך,
עפיס דאכט זיך איהם ער הערט:

לאנג בעקאנטע זיסע קולות
פון זיין היים — זיין ארץ-ישראל.
רוישען הערט ער דארט דעם ירדן
און אין בית-אל, אין דעם טאל

וואו עס וואכסען הויכע פאלמען,
ליגען קעמלען ביי א קוואל,
און דער ברונען רוישט פאמעלעך,
היימיש, זים אי! איהם דאס קול.

און א פאסטוכל א קליינטשיקס
טרייבט די שעפעלעך און זינגט
אויף דעם גרעד, אויף דעם הויכען,
אה ווי שען זיין שטימע קלינגט!..

פון די טשערעדעס די פעטע,
אין דעם שטילקייט פון דער נאכט,
הערט ער לאנג-בעקאנטע קולות
און ער קלערט נאך אלץ און טראכט...

---

נאר דער ליבער, זיסער שבת
געהט אוועק גיך, און די וואך
קומט צו לויפען מיט די דאגות,
מיט דעם שווערען, שווערען יאך.

און עס יאגט אן פונ'ם כשוף
די פארשאלטענע בייזע שעה
און ער טוט א זיפץ א טיעפען:
„ווידער איז דער אכזר דא!“

און ער פיהלט, ווי קאלטע פינגער
קיהלען, קלעמען איהם דאס הארץ
און אין קאפ ווערד הונטיש, פינסטער,
מרה-שחורה'דיג און שווארץ...

איהם נאך פיעסטשען וויל די מלכה:
זי דערלאנגט איהר ליבען באנד
זיסע, שמעקענדיגע בשמים
אין א הדס'ל פון גאלד.

זי דערלאנגט איהם די הבדלה
און דערביי — א פולען כוס
און געזעגענט זיך גאר טרויריג
און די אויגען ווערען נאס...

און ער שמעקט די זיסע ריחות,
צו דערקוויקען זיך דערוויל
און ער טרינקט מיט האסט און דורשטיג
אויס אין גאנצען דעם באקאל.

נאר ווי טרערען א פאר טראפען
גיסט דער בעכער נאך ארוים
אויף דער וואכסענער הבדלה
און דאס פייער לעשט זיך אויס...

ש. לערנער.

---

# דאס לעבען זיך נעמען.

(ענדע.)

ווי אפט לייענט מען אין די צייטונגען אדער מען בעגעגענט אליין אזוינע צעטלעך, וועלכע מען געפינט נאך דעם זעלבסט-מארד. אין די צעטלעך בעגעגענט מען אפט די סבות, וועלכע זיי אליין ווייזען אויף, פאר וואס זיי זענען געקומען צו אזא טרויעריגען סוף: „עס איז מיר מאוס געווארען דאס לעבען“, נישט כדאי צו לעבען אויף דער וועלט — אט אזוינע טעמים בעגעגענט מען גאנץ אפט אין די סבות פון זעלבסט-מארד. פון וואנעט נעמט זיך דאס אזא גרויסער יאוש, אזא געוואלטיגער אפליייקענען אין דער גאנצער וועלט, די טיעפע שנאה צום לעבען, וועלכע ווערד אזוי שטארק ביי דעם מענשען, אז עס ברענגט איהם צו זעלבסט-מארד?

אלאנגע צייט האט מען געהאלטען אזא צושטאנד פאר א גייסטעס-קראנקהייט, אבער פיעל דאקטוירים און געלעהרנטע זענע געקומען צו דעם בעשלוס, אז דאס נישט וועלען לעבען קאן אויך פארקומען ביי א פאלקאם געזונטען מענשען. אט די שרעקליכע ווערטער

„נישט כדאי צו לעבען אויף דער וועלט", וועלכע מיר הערען פון געזונטע קלארע מענשען, האט מען א נאמען געגעבען „וועלט־שמערץ", דאס ליידען אונ שעמען זיך פאר זיך גופא, ווייל ער טוט זיך זעלבסט אן תענוגים, בשעת אויף דער וועלט איז פאראן אזוי פיעל צרות דאס פיהלען די שמערצען פון דער גאנצער וועלט וואס ארום זיך אונ נישט קענען העלפען, אט אזוינע ליידען ווירקען שטארק אויף דעם טיעף פיהלענדען מענשען, דריקען איהם אמאל אזוי שרעקליך, אז ער קאן דאס שוין מעהר נישט אריבערטראגען אונ ער בעגעהט א זעלבסט־מארד.

פון די אלע סבות, וועלכע ווי מיר האבען בעוויזען, אז זיי פיהרען צום זעלבסט־מארד, קענען מיר אבער נישט דערווייזען אקוראט די עיקר סבות, וועלכע וואלטען געקאנט זיין ריכטיג פאר אלע זעלבסט־מארדען פון דער גאנצער וועלט. אין יעדען איינציגען זעלבסט־מארד זענען דא אזוי פיעל טיעפע אונ פארשידענע סבות, אז עס דאכט זיך אויס, אז די סבות פון די זעלבסט־מארדען זענען אזוי פארשידען, ווי עס איז פארשידען דאס לעבען פון יעדען מענשען. נאר דאס איינציגע בעמערקען מיר אומעטום, אז אקוראט ווי דאס ארימקייט איז איין ערשיינונג פון דעם מאטריעלען צושטאנד אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען, אזוי איז דער זעלבסט־מארד איין ערשיינונג, וועלכע קומט פון דעם גייסטיגען צושטאנד אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען.

ווי מיר האבען געזעהען פריהער פון די רעליגיעזע אונ אלגעמיינע געזעצען, האט מען שוין פון לאנג אן געזוכט מיטעל ווי צו פארקלענערען די צאהל פון זעלבסט־מארדען; דאס האט אבער כמעט גאר נישט געהאלפען, ווייל דער זעלבסט־מארד וואקסט פון פארשידענע סבות אין דעם גאנצען לעבען אונ כל זמן די אלע סבות וועלען נישט אבגעשאפט ווערען פון לעבען וועט דער זעלבסט־מארד נישט אויפהערען צו עקסיסטירען. די עצות וועלכע מען לעגט פאר, כדי צו פארקלענערען די צאהל פון זעלבסט־מארדען, זענען אויך פארשידען, ווייל ביי איינעם איז דער עיקר אין לעבען דער עקאנאמישער צושטאנד, ביי דעם אנדערען די פרומקייט אונ דער גלויבען אין גאט, ביי דעם דריטען ווידער די זיטליכקייט א. ז. וו. נאר חאטש די אלע זאכען האבען א גרויסע ווירקונג אין לעבען בכלל אונ אויף דעם זעלבסט מארד אויך. פונדעסטוועגען איז כדאי צו דערמאנען נאך זעהר א וויכטיגען פונקט: דאס איז די ווירקונג פון דעם פערזענליכען צושטאנד, דער כאראקטער. דער „איך" פון דעם מענשען איז תמיד דער הויפט־פונקט, וואו עס געהען דורך אלע טראגעדיען פון דעם מענשענס „ווילען", פון אלע זיינע געפיהלען אונ געדאנקען, וועלכע שטעהען אין א שטענדיגע מלחמה אונ אין דער לאגע פון דעם גייסטיגען „איך", אין דעם ווילען פון דעם מענשען, וועלכער ווערד תמיד געדריקט, דארפון מיר זוכען די גרעסטע ווירקונג, דעם שטארקען כח, וועלכער ברענגט דעם מענשען צום זעלבסט־מארד. אנדערע ווילען אבער בעווייזען, אז ווי באלד די סבות פון די זעלבסט־מארדען זענען נישט אומעטום די זעלביגע, איז דערפון א ראיה, אז נאר דאס גאנצע לעבען איז די אורזאכע פון דעם זעלבסט־מארד, אבער דער פערזענליכער צושטאנד, דער אייגענער ווילען ווירקט דערביי זעהר ווייניג.

אין דער מיינונג ליגט אבער א טעות. פארשידענע שווערע פערהעלטניסע אין לעבען קענען פיהרען דעם מענשען צו א קראנקהייט, צו אלערליי אומגליקען, צום טויט אויך. דער זעלבסט־מארד איז דאך אבער נישט א געוועהנליך אבשטארבען, צו וועלכען די אורזאכען אדער קראנקהייטען פון לעבען האבען געפיהרט. דער זעלבסט־מארד איז דאך א מין „זעלבסט־רעטונג", א מין „זעלבסט־הילף", וועלכע דער אומגליקליכער מענש געפינט פאר זיך אין דעם טויט מיט זיין געזונטען פערשטאנד, מיט דעם קלארען איבערלעגטען ווילען. דער מענש קאן נישט אויספיהרען זיין ווילען, קאן נישט נאכגעבען דאס וואס זיין אייגענער „איך" פאדערט פון איהם, אלע זיינע געפיהלען ווערען אונטערדריקט, ער מוז כל ימיו טון פונקט פארקעהרט פון זיין רצון אונ דאס מאכט איהם דאס לעבען נמאס.

עס פארשטעהט זיך, אז מיר קענען נישט ארויסגעפינען אזא זעלטענעם רעצעפט, מיט וועלכען מען וואלט געקאנט אויסהיילען די מענשהייט פון דעם זעלבסט־מארד. ווען דאס גאנצע לעבען וועט פארבעסערט ווערען, וועט געוויס זיין גרינגער פאר יעדערען צו געפינען זיך א הילף אין ל ע ב ע ן אונ נישט אין דעם טויט. די גרויסע צאהל זעלבסט־מארדען ניטיגען אונז נאך מעהר אראבצונעמען אדער פארגרינגערען די אלע שווערע קייטען, וועלכע שטערען די פרייע ענטוויקעלונג פון דעם מענשענס לעבען. נאר איבערקוקענדיג נאך אמאל די אלע אויבענדערמאנטע סבות, וואס זענען גורם די זעלבסט־מארדען, די דאזיגע סבות, וועלכע וועלען אפשר קיינמאל נישט אויפהערען, וואלטען געוויס די מענשען ווייניגער געקומען צו אזא טרויעריגען שרעקליכען צושטאנד, ווען מיר וואלטען זיך בעמיהט נישט צו פארבינדען אונ נישט צו צווינגען דעם גייסטיגען צושטאנד נישט נאר פון יעדען פאלק, נאר אויך פון יעדען איינצעלנעם מענשען.

די זעלבסט־רעטונג, וועלכע די אומגליקליכע מענשען געפינען אין דעם זעלבסט־מארד, מוז מען זעהען צו פארבייטען מיט דער פרייער מעגליכקייט, צו העלפען זיך אליין, אונ דאס קאן נאר געשעהען, ווען מען זאל דעם מענשען לאזען לעבען פרייער, אז יעדער מענש זאל קענען לעבען לויט דעם פארלאנגען פון זיינע געפיהלען, לויט דעם רצון פון זיין אייגענעם „איך".

ש. בעלענקי.

---

## חרבן ביתר

עס קומט די שענע פריהלינגס צייט, אלעס אין דער נאטור ווערד אויפגעלעבט פריש, די גאנצע וועלט שטעהט אויף צו נייעם לעבען.

— דער יוד נעהמט אבער א גאנץ קליינעם חלק אין דעם; אדרבא, ער ווערד גאר אומוטיג אין דער דאזיגער שענער צייט: ער שערט נים זיינע האר, ער שפיעלט אפילו אויף קיין חתונות נים — עס איז ספירה־צייט.

וואס איז אבער דער טעם, וואס מיר טרויערען, ווען מען צעהלט ספירה? אט דאס וועל איך דעם לעזער דא דערצעהלען.

---

מיט טויזענט אַכט הונדערט פיער אונ דרייסיג יאָהר צוריק האָט דער רוימישער קייזער טיטוס חרוב געמאַכט אונזער בית המקדש, פאַרברענט די שטאָדט ירושלים אונ פאַרטריבען אונזערע עלטערן אין גלות. פיעל צרות האָבען זיי אויסגעשטאַנען פון אָט דעם טיטוס'ן. נאָך מעהר האָבען זיין געליטען פון זיין ברודער דאָמיציאַנוס, וואָס איז געווען קייזער אין רוים נאָך איהם. ער האָט זיך מיט די גרעסטע אכזריות נוקם געווען אַן יודען. אונ איין מאָל האָט ער אַרויס געגעבען אַ גזרה, אַז אין דעם משך פון דרייסיג טעג זאָל מען אויסהרג'נען אַלע יודען, וואָס זענען אונטער דעם רוימישען שוץ. דער גליק איז געווען, וואָס זיין ווייב האָט איהם געפּטר'ט פון דער וועלט אונ ער איז געשטאָרבען דורך אַ מיתה משונה אונ האָט זיין וואונש נישט אויסגעפיהרט.

נאָך דאָמיציאַנוסען איז געוואָרען קייזער אין רוים נערוואַ, וועלכער איז געוועזען אַ קלוגער אונ אַ גוטער מענש. ער האָט פאַרבעסערט די יודישע לאַגע אונ האָט געוואָלט טון פיעל חסדים מיט יודען. ער האָט אָבער נאָר געהערשט צוויי יאָהר.

נאָך איהם האָט רעגירט טראַיאַנוס קייזער. ער האָט מלחמה געהאַלטען מיט דעם מלך פון פּרס און בבל. איהם האָט זיך זעהר געוואָלט בעקומען אַ שם פאַר אַ גרויסען העלד; אָבער דאָס איז איהם ניט געראָטען, ווייל די יודען, וואָס זענען געזעסען אין פּרס אונ בבל אונ נאָך אין אַזיאַטישע לענדער, האָבען בשום אופן ניט געוואָלט האָבען אויף זיך דעם יאָך פון די רוימער, אונ זענען אַרויס מיט דעם שווערד העלפען דעם מלך פּרס, אונ הונדערט טויזענטער רוימער אונ גריכען זענען געפאַלען אונטער יודישע הענט. צוריקקעהרענדיג פון דער מלחמה איז טראַיאַנוס דערטרונקען געוואָרען אין אַ טייך אין סיליציע אונ אויף זיין אָרט איז אַדריאַנוס קייזער געוואָרען.

ער איז ניט געווען אַזאַ בעל מלחמה ווי טראַיאַנוס, אונ אַז ער האָט געזעהען, אַז די יודישע מרידה איז זעהר שטאַרק, האָט ער מורא געהאַט מאַמער וועט ער ניט קענען איינשטילען די מרידה אונ ארץ ישראל וועט פון איהם אין גאַנצען אָבפאַלען, לכן האָט ער זיך מישב געווען מיט גוטע רייד אונ מיט פאַלשע הבטחות איינצושטילען די יודען. ער האָט זיי מבטיח געווען, אַז ער וועט זיי ווידער אויפבויען די שטאָדט ירושלים אונ דעם בית המקדש, אונ וועט זיי צוריקקעהרען זייער פּאָליטישע פרייהייט, אונ די יודען האָבען געגלויבט זיינע ווערטער אונ האָבען אַרויס געלאָזען זייער שווערד פון האַנט אונ זענען געוואָרען רוהיג.

דענסטמאָל האָבען זיך געלאָזען גיהן אין ארץ ישראל פיעל יודען פון אַלע לענדער פון זייער גלות אונ צוויי גרויסע יודישע העלדען פּפּוס אונ לוליינוס, וועלכע האָבען מלחמה געהאַלטען פריהער מיט טראַיאַנוסען אונ זענען דורך אַ וואונדער נצל געוואָרען פון תּליינם האַנט, זענען איצט אַרויסגעטרעטען אונ האָבען געהאָלפען די יודען פון גלות צוריק צוקעהרען קיין ארץ ישראל.

אַז די יודישע האָפנונג איז שוין געווען נאָהענט צו ערפילט ווערען, האָבען זיך דערוועקט זייערע אַלטע שונאים די שומרונים אונ האָבען געשריבען אַ מסירה אויף די יודען צו אַדריאַנוס. זיי האָבען איהם ערקלערט, אַז כל־זמן די יודען האָבען ניט קיין בית־המקדש זענען זיי ביי זיך געדרעקענט ווי רוימישע קנעכט. נאָר ווי זייער בית־המקדש וועט אויפגעבויעט ווערען אין ירושלים וועט ווידער ווערען אַהויפּט־שטאָדט, וועלען זיי פון זיך אַראָב וואַרפען אין גאַנצען דעם רוימישען יאָך. לכן האָבען די שומרונים געגעבען אַדריאַנוסען איין עצה, ער זאָל צו נעמען זיין הבטחה צוריק. נאָר ווייל פאַר אַ קייזער איז ניט שעהן ניט מקיים זיין זיינע ווערטער, על כן זאָל ער פאָדערען פון די יודען, אַז זיי זאָלען בויען דעם בית־המקדש אויף איין אַנדער אָרט, ניט אויף דעם הר הבית, אויך זאָל ער זיין געבויט ניט לויט דעם דין. אויסער דעם זאָל מען אַנידער שטעלען אין איהם דעם אָבגאָט יופּיטער.

ווי די יודען האָבען עס דערהערט, האָט זיך זייער כעס אויף דעם פאַלשען אַדריאַנוס אָנגעצינדעט ווי אַ פייער אונ האָבען זיך צונויפגעקליבען אין אַ מאָל בית רמון, צו האַלטען זיך איין עצה, ווי אַזוי צו צווינגען אַדריאַנוסען, אַז ער זאָל מקיים זיין זיינע הבטחות. פּפּוס אונ לוליינוס האָבען אונטער געהיצט דעם עולם, אַז מע זאָל זיך ווידער נעמען צו דעם שווערד. נאָר דער גרויסער תנא רבי יהושע בן חנניה האָט זיי מיט אַ קלוגען משל בערוהיגט אונ פון דער מרידה איז גאָר נישט געוואָרען.

וואָלט אַדריאַנוס קענען איינהאַלטען זיין שנאה צו יודען, וואָלטען די מורדים ווערען אין גאַנצען רוהיג אונ וואָלטען זיך מיאש געווען פון זייערע זיסע האָפנונגען, זעהען ירושלים אונ דעם בית־המקדש אין זייער אַמאָליגען גלאַנץ אונ פּראַכט. אַדריאַנוס האָט אָבער אָנגעהויבען רודף זיין די יודישע אמונה אונ האָט אַרויסגעגעבען אַ גזירה, אַז יודען זאָלען ניט מל זיין זייערע קינדער, זאָלען ניט לערנען קיין תּורה אונ זאָלען ניט היטען קיין שבת. אויסער דעם האָט ער גוזר געווען, אַז זיי זאָלען זיך בוקען צו די רוימישע אָבגעטער. די שטאָדט ירושלים האָט ער אַ נאָמען געגעבען: „אֶליאַ קאַפּיטאָלינאַ" אונ אויף דעם אָרט פון דעם בית־המקדש האָט ער אַוועק געשטעלט דעם יופּיטער.

אומזוסט האָט איהם רבי יהושע בן חנניה, וואָס איז ביי איהם געווען חשוב, געבעטען, אַז ער זאָל ניט רייצען דאָס פאָלק. אַדריאַנוס אין זיין שטאַרקער שנאה צו יודען האָט ניט געוואָלט הערען די קלוגע עצה פון רבי יהושע בן חנניה, אונ די צייטען פון אַנטיוכוס עפּיפאַנעס האָבען זיך פאַר די אומגליקליכע יודען צוריק געקעהרט. נאָר אַזוי ווי אין אַנטיוכוסס ביטערע צייטען האָט זיך ביי די יודען געפונען אַ העלד, וואָס האָט זיך נוקם געווען אַן דעם שונא — דאָס איז יהודה המכבי — אַזוי אויך האָט איצט ערשיינט פּלוצלונג אַ שטאַרקער העלד, וואָס די שטאַרקע ליבע צו זיין נאַציאָן האָט איהם ערמונטערט אונ געשטאַרקט, צו בעפרייען זיין אומגליקליך פאָלק. דער העלד איז געווען שמעון בר־כוכבא.

שמעון בר כוכבא איז געבאָרען אין דער שטאָדט כזיב אין ארץ־ישראל. אויף דער אַראַמישער שפּראַך, ווי דער מנהג אין יענע צייטען, האָט ער געטראַגען דעם נאָמען פון זיין שטאָדט: בר כוזיבא. נאָך דעם, אַז ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין גבורה, האָט מען איהם גערופען: „בר כוכבא" — ד. ה. „דער זוהן פון אַ שטערן", ער האָט געשטאַמט פון דעם שבט יהודה, פון זעהר אַ שענער משפּחה. רבי אלעזר

המוּדעי, איינער פון די גרעסטע תּנאים אין יענע צייטען. איז געווען זיינער א נאָהנטער קרוב.

די יודישע היסטאָריע דערצעהלט אונז גאר נישט וועגען בר כּוכבא׳ס ערשטע יאהרען: מיט וואס האט ער זיך בעשעפטיגט? ווי אזוי איז ער געקומען צו דער מעלה, צו זיין דער גרעסטער אנפיהרער פון זיין פאָלק אין דער צייט, אז עס זענען געווען אזעלכע צוויי גרויסע העלדען ווי פּפּוּס און לוליינוּס? נאר ווי עס ווייזט אויס איז די רעכטע סבּה געווען זיין יחוס אָבות, וואָרום, ווי ביי אונז גלויבט מען, בעדאַרף זיין דער גואל צדק פון דעם שבט יהודה.

נאר אויסער זיין יחוס האט ער אין זיך געהאט אלע מעלות, וואס איין אנפיהרער בעדאַרף האבען. ער איז געווען א גבּור און א בעל מלחמה ווי יהודה המכּבּי; אלע בר כּוכבא׳ס מעשים און אויפפיהרונגען בעווייזען, אז די ראָלע פון א יודישען עלייזער האט איהם זעהר געפּאַסט.

איידער בר כּוכבא האט אויפגעהויבען עפענטליך א מרידה א־קעגען רוים איז רבּי יהושע בן חנניה געשטאָרבען. דער תּנא, וואס איז געווען זעהר א קלוגער און אנעלאַסענער מאַן, האט אלץ אָבגעהאַלטען דאס יודישע געדריקטע פאָלק פון א מרידה. נאר ווי ער איז געשטאָרבען און דער בעריהמטער תּנא רבּי עקיבא איז געוואָרען דער ערשטער פון אלע חכמים, אזוי באלד איז דאס פאָלק געוואָרען אונרוהיג און האט אנגעהויבען טראַכטען וועגען א מרידה.

בר כּוכבא האט זיך מיט זעהר קלוגע עצות און תּחבּולות און מיט א גוטען סדר אנגעהויבען גרייטען צו א מלחמה מיט די רוימער. דורך זיין עצה האבען די יודישע שמידען, וועלכע האבען אויסגעאַרבייט געוועהר פאר די רוימער, געמאַכט דאס געוועהר פון זעהר שלעכטען אייזען און עס האט זיך צעבראָכען ווי נאר זיי האבען זיך אנגעהויבען שלאָגען. און פאר די יודען האבען זיי געשמידט געוועהר פון גוטען שטאַרקען אייזען און מען האט עס בעהאַלטען אין הייליען און גרובּער פון קאַלך, וואס זענען זעהר פיעל דא אין ארץ ישראל. פון אלע זייטען האט מען שטילערהייט געבּראַכט פיעל בּרויט, וואס מע האט גוט בעהאַלטען, אז די רוימישע הערשער, וואס זענען געווען אין ארץ ישראל, זאָלען דערפון גאר נישט וויסען. מען האט פערריכט און אויסגעבעסערט אלע וועגען, כּדי דעם יודישען חיל זאל זיין לייכט איבער געהן פון איין אָרט אין דעם צווייטען. הכּלל בר כּוכבא האט צוגעגרייט דאס פאָלק צו אלאנגע מלחמה, וואס וועט זיך פיהרען מיט א גוטען סדר, ניט ווי די פריהערדיגע מרידות זענען געווען.

זיין בעל עצה און מיטהעלפער אין זיינע מעשים איז געווען רבּי עקיבא, וועלכער איז געווען דאמאלס אלט לערך א יאהר הונדערט און דאך איז ער געווען נאך גענוג שטארק, אום צו רייזען פון איין שטאָדט אין דער אנדערער, וואו יודען וואָנען אין אזיע און אפריקא און אויפצורייצען דאס פאָלק געגען די רוימער. רבּי עקיבא האט דאס איבער געביטען בר כּוזיבא׳ס נאָמען אויף בר כּוכבא. דאצו האט ער געזאָגט א פּסוק: „דרך כּוכב מיעקב וקם שבט מישראל" ד. ה. „עס איז אַרויס געטרעטען א שטערן פון יעקב׳ן און עס איז אויפגעשטאַנען א הערשער פון ישראל".

אז אלע איז שוין געווען גרייט צו א מלחמה און בר כּוכבא האט צונויפגעקליבען אלע זיינע חילות און איז מיט זיי אַרויסגע־טראָטען אויף דעם פעלד האט זיך רבּי עקיבא ניט געקאָנט איינהאַלטען און האט פון גרויס התפּעלות אויסגעשריגען „דאס איז דער מלך המשיח!", און האט געדרש׳נט פּסוקים פון תּנ״ך, כּדי אויפצוווייזען, אז בר כּוכבא איז דער אמת׳ער משיח.

דער היילינגער נאציאָנאַלישער פייער. וואס האט געבּרענט אין רבּי עקיבא׳ס האַרצען האט אויפגעפלאַמט אויף די הערצער פון זיינע טויזענטער תּלמידים און פון דעם המון־עם, וואס רבּי עקיבא איז געווען היילינ אין זייערע אויגען. נאר פיעל פון די יודישע חכמים זענען דענסטמאָל געווען געגען דער מרידה. איינער פון זיי, רבּי יוחנן בן תּורתא, אז ער האט דערהערט ווי רבּי עקיבא רופט בר כּוכבא „מלך המשיח", האט א געשריי געגעבען: „עקיבא! גראָז וועט אויפוואַקסען אויף דיינע באַקען און משיח וועט נאך אלץ ניט קומען!" נאר דאס פאָלק האט ניט געשעצט די ווערטער פון די געגנער, ווייל רבּי עקיבא איז באמת געווען דער גרעסטער חכם און דער גרעסטער צדיק צווי־שען אלע חכמים, און האט געוואוּנדערליך פאַרשטאַנען אין די ענינים פיעל מעהר פון אלע זיינע חברים.

עס פאַרשטעהט זיך, אז חאָטש קיין גרויסע ווירקונג האבען יענע חכמים ניט געהאַט אויף דאס גאַנצע פאָלק, אָבער קיין גרויסע טובה פאר דער מרידה האבען זיי מיט זייערע ווערטער אויך ניט געטאָן, ווייל סוף כּל סוף האבען זיי אָבגעשלאָפּט די האָפנונג אין פיעלע הערצער, אז מען וועט אויסגעלייזט ווערען פון די צרות און די מלחמה וועט באַגליקען. אויסער דעם האבען זיך די חכמים די געגנער ניט שען און ניט אָרענטליך בעגאַנגען מיט בר־כּוכבא׳ן און האבען זיין נאָמען בעשמוצט מיט אזעלכע מעשיות, וואס וואַרפען איין אייבּינען שאָטען אויף איהם.

די יודישע לעגענדע דערצעהלט למשל, אז בר כּוכבא האט געהייסען זיינע סאָלדאַטען, אז זיי זאָלען זיך זעלבּסט א פינגער פון זייער האַנט אָבהאַקען, כּדי ער זאל זיך איבערצייגען, צי זיי האבען אין זיך גענוג מוט צו געהן אויף א מלחמה, און ביי איהם איז גע־ווען אויף אזא אופן צוויי מאל הונדערט טויזענט מאַן מיט אָבגעהאַקטע פינגער, ביז וואַנען די חכמים האבען אויף איהם ניט אָנגעשריגען: „ווי לאנג וועסט דו מאכען יודען פאר בעלי־מומים?"

— ווי אזוי זשע זאל איך זיך איבערצייגען, אויב מיינע סאָל־דאַטען האבען מוט אדער ניט? האט בר כּוכבא געפרעגט ביי די חכמים.

— ווער עס וועט ניט קענען אויסרייסען א טאַנענבּוים מיט דעם וואָרצעל רייטענדיג גיך פאַרביי דעם בוים אויף זיין פערד, זאל ניט פאַרשריבען ווערען אין דיין חיל — האבען איהם די חכמים געגעבען איין עצה. עס פאַרשטעהט זיך, אז אט די גאַנצע מעשה איז מעהר ניט ווי א לעגענדע און ניט קיין היסטאָרישער פאַקט, ווייל א קלוגער און איין ערפאַהרענער פעלדהער וועט ניט מאכען זיינע סאָלדאַטען פאר קאַליקעס.

אויך דערצעהלט ווייטער א לעגענדע, אז בר כּוכבא האט גע־רעדט גראָבּע ווערטער אקעגען גאָט זאָגענדיג: „העלף אונז ניט גאָט, אָבער אויך אונזערע פיינד זאָלסטו ניט העלפען!" מיט אזעלכע

מעשיות האבען איהם די חכמים בעצאהלט פאר זיין שטארקער ליבע צו זיין פאלק!

(ענדע קומט).

שלמה בערמאן.

## א בריף אין דער רעדאקציע.

ה' חיות איז ניט צופרידען, „וואס ד"ר הערצל, אלס הויפט־אנפיהרער פון די ציוניסטען, אלס שאפער פון די ציוניסטישע קאנגרעסען, אלס בעריהמטער פאלקס־רעדנער, שרייבט ראמאנען". איך בעמערק דאגעגען, אז ד"ר הערצל איז פאר אלעם שריפטשטעלער פון פאך, און איז בּאריהמט אלס אויסגעצייכענטער ארבייטער דוקא אין דער שענער ליטעראטור. ער רעכענט זיך אלס „קעניג דעם פעליעטאנס". זיינע פעליעטאנען זענען שטענדיג גערעכענט געוועזען אלס אויסגעצייכענט, איינהאלטסרייך, קונסטלעריש און מייסטערהאפט. אויסערדעם זענען באריהמט איינינע פון זיינע דראמען, וועלכע ווערען איטער געשפּילט אין די טהעאטערן און זענען בעליבט ביים פובליקום. בעריהמט זענען אויך זיינע „פילאזאפישע ערצעהלונגען". דורך דעם וואס ער איז געווארען דער אנפיהרער פון דער ציוניסטישער בעוועגונג האט ער ניט פארלארען זיין פריוואט־רעכט צו זיין א שריפטשטעלער און שרייבען וואס איהם געפעלט. איבערהויפט איז קיין שאנדע ניט ראמאנען צו שרייבען. דער פילאזאף און מאראליסט טאלסטאי שרייבט אויך ראמאנען, דאס איז איינס. צווייטענס, איז „אלטנייאלאנד" ניט קיין געוועהנליכער ראמאן. דער ראמאן איז דארט נאר די פארם, אבער דער איינהאלט איז דער גאנצער פלאן פון דעם צוקינפטיגעם „יודען־שטאאט" אין פאלעסטינא. דער הויפט־צוועק זיינער איז צו ווייזען די מעגליכקייט, ווי דעם גרויסען ציוניסטישען אידעאל צו פערווירקליכען. און בדרך אגב צו לעזען די וויכטיגסטע סאציאלע און עקאנאמישע פראגען, וועלכע בעאונרוהיגען יעצט אלע סאציאל־פאליטיקער. דער ראמאן איז נאר די אויסגעוועהלטע פארם, און מיר מוזען צו געבען, אז „אלטנייאלאנד" איז אגעניאלעס בוך, מיט וועלכעם מיר יודען בכלל און ציוניסטען בפרט קענען שטאלץ זיין.

אויך איז ה' חיות ניט צופרידען, „וואס אזא ערנסטער דענקער ווי „אחד העם" שרייבט ביים ענגע קריטיק אויף א פאנטאסטישען ראמאן". נישקשה, זאגאר ערנסטערע און גרעסערע דענקער אלס „אחד העם" מעגען זיך ניט שעמען צו שרייבען קריטיקען אויף „אלט־נייאלאנד", אבער גערעכט איז ער אז די קריטיק דארף ניט זיין בייסענד, די קריטיק דארף ערנסטער און וויסענשאפטליכער זיין, ניט צו טשע־פען זיך צו קלייניגקייטען און מאכען פון דעם טפל איין עיקר, און דעם עיקר ניט בעמערקען — און אויסלאכען.

א לעזער.

## ערקלערונג.

דער קאמיטעט פון „בני ציון", אנערקענענד דעם פראטעסט פון ד"ר נארדוי געגען „אחד העם" פיר צייטפאסענד און ניצליך צו דער ציוניסטישער בעוועגונג און רעכנענדיג דעם „אחד העם" און זיינע אנהענגער ניט נאר פאר ניטציוניסטען, נאר אויך פאר געגנער פון ציוניזם, וואס שטרעבען מיט רעכטע און אונרעכטע מיטלען צו אונטערגראבען דעם ציוניזם, האט בעשלאסען: 1) אויסצודריקען זיינע ערביטערונגס־געפיהלען געגען „אחד העם" פאר זיין צערשטערונגס־ארבייט אין אונזער בעוועגונג. 2) פראטעסטירען געגען די שרייבער און די צייטונגען, וועלכע פארמאסקירען זיך אלס פערטיידיגער פון „אחד העם'ס" כבוד און בענוצען זיך מיט דער געלעגענהייט צו נידריג מאכען די פארשטעהער פון דער ציוניסטישע ארגאניזאציע. 3) אויסצודריקען זיין פערטרויען צו ד"ר הערצל און צו אלע פארשטעהער פון אונזער בעוועגונג.

ווארשא, א' דחוהמ"פ תרס"ג.

דער קאמיטעט פון „בני ציון".




### I. אלגעמיינע נייעס.

— דער פעראיין פון פרויען־דאקטוירים וועט היינטיגען זומער ענדיגען בויען אין מאסקווא א פריוט פאר פרויען, וואס קענען נישט מעהר, איבער וועלכע סבה עס איז, ארבייטען אלס פרויען־דאקטוירים.

— די פעטערסבורג'ר צייטונגען שרייבען, אז דער קאמיטעט, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט דער פראגע פון די רעפארמען, וועלכע מען זאל איינפיהרען אין די רוסישע אוניווערזיטעטען, האט כמעט איינשטימיג בעשלאסען צו ערלויבען אריין צו נעמען פרויען אין די אוניווערזיטעטען.

— אין פינלאנד האט מען א פרוי געמאכט פאר איין אינספעקטאר איבער די פאבריקען.

— דער סענאט אין מארילענד האט ערלויבט פרויען צו ווערען אדוואקאטען.

### II. יודישע נייעס.

— נישט לאנג איז געווארען 25 יאהר זייט עס זענען געווארען אין רוסלאנד פרויען דאקטוירים, די ערשטע פרויען דאקטוירים אין רוסלאנד זענען געוועזען צוויי יודישע מיידלעך פון חערסאן: הערצענשטיין און בערלינערבלוי, די דאזיגע ביידע פרייליינס האבען צוערשט געוואלט אנקומען אין פעטערסבורגער אוניווערזיטעט, נאר מען האט זיי דארטען נישט אנגענומען און זיי זענען געפאהרען נאך בערן, אז זיי האבען געענדיגט זייער שטודיום זענען זיי צוריקגעקומען אין רוסלאנד, הערצענשטיין איז אבער קראנק געווארען און געשטארבען און בערלינערבלוי איז אוועק אין פילאדעלפיע (אמעריקא), וואו זי האט בעקומען א שטעלע אין א קראנקען־הויז.

די פרינצעסין העלענע פון זאכסען אלטענבורג אין רוסלאנד האט אין חודש מערץ בעזוכט די יודישע אבטיילונג פון דער פרויען חברה צו שיצען פרויען, וואו זי האט פערבראכט א גאנצע שעה. פאר איהר אוועקגעהן האט זי אויסגעדריקט איהר צופרידענהייט מיט דער ארבייט פון דער יודישער אבטהיילונג.

## א קאכשולע אין ניו־יארק.

ווי פעסט אין דער דעה און קלוג די אמעריקאנישע פרוי איז און פארשטעהט אין יעדעס עלטער דאס פראקטישע לעבען, ווייזט זיך אין די פרייע שולען פאר מיידלעך, וואס פארמעהרען זיך אויף יענער זייט ים פון טאג צו טאג.

צום מוסטער וויל איך דא דערצעהלען פון איין פריוואטשולע פאר קיך און הויזווירטשאפט אין ניו־יארק.

דעם גאסט קומט א העגען פרוי פארמער, א לעבעדיגע בלאנדע פרוי פון א יאהר דרייסיג ביז פיערציג. אויפ'ן קאפ טראגט זי א שיין עלעגאנט שפיצען־הייבל, א ווייס פיקעקלייד און א ווייס קלאר פארטוך זענען איהרע אמטס־קליידער.

איהרע שילערינס זענען פארשידען. איין קלאס זענען אירלאנדישע מיידלעך, גאר נישט געבילדעט, וואס זענען געקומען קיין אמעריקא זוכען ארבייט. פאר דריי ביז פיער דאלאר לעהרענט זיי פרוי פארמער אויס א קיך פיהרען און נאך צוויי וואכען געהען זיי ארויס פון דער שולע פארטיגע קעכינס. נישט דאס בלויסע קאכען לערנען זיי דא, מען שטעלט זיי אויך אויס, ווי אזוי ביים טיש צו באדיענען, מען געוועהנט זיי די האר און די נעגעל צו פילעגען און ריין צו האלטען א. ד. ג.

דער עיקר צוועק פון דער דאזיגער שולע איז אבער, מיידלעך פון רייכע הייזער אויסצולעהרנען גוטע בעל־בית'טעס צו ווערען. אכט מיידלעך לערנען אין איין קלאס און באצאהלען איין דאלאר ביז אנדערהאלבען דאלאר פאר איין לעקציע. דער גאנצער למוד האט זעכס קורסען און אין יעדען קורס זענען דא צעהן לעקציעס. די דאזיגע לעקציעס זענען ביי די אמעריקאנישע מיידלעך איין אינטערעסאנטער שפיל און עס איז שוין אזוי געקומען אין דער מאדע אריין, אז יעדעס מיידל, אזוי ווי זי ווערד נאר א כלה, פיהלט זי זיך פארפליכטעט די דאזיגע קורסען צו בעזוכען. עס ליגט אין איהר אייגענעם אינטערעסע די קיך אין דער שולע גוט צו פיהרען, וויארום ווען די מאכלים זענען אבגעקאכט מוז זי זיי אליין טאקי אויפעסען. די מיידלעך קאכען זיך אליין די עסענס און איינע באדיענט די אנדערע.

די מייסטען שילערינס מאכען דורך אלע זעכציג לעקציעס, און צו ערלערנען איז גאר נישט וויניג דא. אים ערשטען קורס ווערד געלעהרנט א פייער אנלעגען, ווי אזוי זיך בעגעהן מיט דעם גאז־קאכער, ווי אזוי צו צוריכטען ערדעפעל און אייער, בראטען פעניצלעך און עפעל, קאווע קאכען, ברויט באקען, קאכען זופען און "פודינג". דער צווייטער און דער דריטער קורס באשעפטיגט זיך מיט דער שווערערען קיך, צו קאכען פארשידענע שפייזען. דער פיערטער קורס לעהרענט מאכען אלערליי סאלאט, דעסערט, קאנסערווען און קאנדיטען. דער פינפטער קורס לעהרענט די באדיענונג אין אנשטענדיגע הייזער. די יונגע מיידלעך, ווען זיי פארלאזען די שולע, האבען זיי געלעהרענט די פארלאגע רייבען, פוטירען, קעהרען און אבשטויבען, צו טיש גרייטען, דאס געפעס ריינינגען און אויפרוימען, זיי פארשטעהען זיך אויף ווייך און אויף אנדערע משקאות, זיי זענען מיט איין ווארט גוטע בעל־הבית'טעס. די דירעקטארין געהט מיט די שילערינס אויך אין מארק אריין איינקויפען, זיי לערנען זיך אויס מבינות אויף אלע מארק־ארטיקעל און די פרייזען פון יעדען פיצעל. דער זעכסטער קורס פיהרט די מיידלעך אין די שפיטעלער אריין, זיך אויסצולערנען ווי אזוי ארום קראנקע צו געהן.

אפטמאל קומען באריהמטע קאך־קינסטלער אין די שולע אלס געסט און האלטען פארטרעגע פאר די שילערינס און מאכען זיי בעקאנט מיט די קאך־קונסט פון די מיליארדערס הייזער און פון די ערשטע קלאס אויף די שיפען.

אזא אמעריקאנישע מאדע איז ווערט ביי אונז אויך נאכצוטון, צו גרינדען אין יעדער שטאדט אזוינע שולען, מיידלעך זאלען זיך אויסלערנען א ווירטשאפט פיהרען און קענען גוטע שטעלען בעקומען אדער ביי זיך אין דער היים גוטע בעל־הבית'טעס צו זיין.

ל—ר.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג "פאלקסבילדונג".

---



---

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S, L Deutscher Podgorze b-Krakau.

עס ווערט אנגענומען

# אבאנעמענט אויף די טעגליכע ציימונג

# „דער פריינד"

## ארויסגעגעבען אין פעטערבורג פון ש. גינזבורג און ש. ראפאפארט.

---

„דער פריינד" געהט ארויס נאך דעם פראגראם פון גרויסע אלגעמיינע טעגליכע ציימונגען. ער ברייננט אלע טאג צוגלייך מיט די גרעסטע צייטונגען, טעלעגראמעס, נייעס און בריעף פון דעם אלגעמיינעם ווי אויך פון דעם יודישען לעבען אין רוסלאנד און אין אויסלאנד.

„דער פריינד" גיט ארטיקלען איבער פאליטיק, איבער פראגען פון אלגעמיינעם און יודישען לעבען און איבער אלע יודישע ענינים.

„דער פריינד" גיט זיינע אבאנענטען תשובות פון ספעציאליסטען אויף פראגען איבער געזעצען און רעכטע און איבער טעכניק און מלאכה.

„דער פריינד" גיט א פיעל ארט אויף ערצעהלונגען, פעלעטאנען און וויסענשאפטליכע ארטיקלען.

פון צייט צו צייט, ווי ווייט מעגליך יעדע וואך, בעקומען די אבאנענטען בעזונדערע ביילאגען, וועלכע ענטהאלטען ראמאנען, ערצעהלונגען, שירים און וויסענשאפטליכע ארטיקלען.

די נאהענטסטע מיטארבייטער פון „פריינד" זיינען:

**ד"ר י. לוריא** (דער פריהערדיגער רעדאקטאר פון „יוד"), **ד"ר ח. ד. הורוויץ** (דער פריהערדיגער רעדאקטאר פון דער „פאלקס-צייטונג").

אין „פריינד" ווערען געדרוקט ארטיקלען, ערצעהלונגען און שירים פון:

ש. י. אבראמאוויטש (מענדעלי מוכר-ספרים), ש. אש, ח. נ. ביאליק, גוט מארגען, י. דינעזאהן, א. דרויאנאוו, ד"ר ש. הלוי, ליפמאן לעווין, ד"ר י. ליאקומאוויטש, ד"ר ג. לעווין, א. ל. לעווינסקי, מ. ל. ליליענבלום, מ. ספעקטאר, ש. פרוג, י. ל. פרץ, ד. פרישמאן, ד. פינסקי, י. י. פראפוס, י. ח. ראבניצקי, מאררים ראזענפעלד, י. ח. רחלין, ש. ראזענפעלד, א. רייזען, שלום-עליכם, י. שטיינבערג, און אנדערע יודישע פאלקס-שרייבער.

„דער פריינד" האט אייגענע שטענדיגע קארעספאנדענטען אין אלע גרעסערע שטעדט אין רוסלאנד און אויסלאנד.

**☞ פון אפריל אן וועט דאס גאנצע בלאט געדרוקט ווערען מיט נקודות ☜**

נור די אבאנענטען פון דעם „פריינד" קענען בעקומען פאר **ביליגע מקחים** די דאזיגע ווערק:

1) „**די שריפטען**" פון **י. ל. פרץ**, 2-טע אויפלאגע, א גרויסער באנד פון 60 דרוק-בויגען, אנשטאט 2 רובל. — 70 קאפ. מיט פארטא 1.20 רובל.

2) **דריי גרויסע ראמאנען** פון **י. דינעזאהן**, אין פיער בענדער „**אבן נגף**" „**הערשעלע**" און „**יאסעלע**", אנשטאט 2.20 — 70 קאפ'. — מיט פארטא 1.05 רובל.

(2—1) (202)

## אבאנעמענטס-פרייז:

אויף 9 חדשים (פון אפריל ביז ענדע יאהר) — **5.25** רובל, אויף א האלב יאהר — **3.50** רובל, אויף א פיערטעל יאהר **1.75** רובל.

בעשטעלונגען מיט נאכנאהמען, ווי אויף די צייטונג, אזוי אויף פרץ'ס און דינעזאהנ'ס ווערק ווערען ניט אנגענומען.

אדרעס:

**Въ Редакцію „Деръ Фрайндъ" С. Петербургъ, Екатерининскій каналъ, 71.**

Redaction „Der Fraind" Petersburg, Ekaterininski Kanal 71.